מאיר בער גוטמאַן

# פאַרוואָלקנטע טעג

פאַרלאַג — „אַליין“

— בערגן-בעלזן — 1949 —

# בּרויט

בּרויט!
ווי נאָך בּרוינער הויט
פון פרויען קערפּער,
צעגליט פון יולי זונען
גלוסטיק איך נאָך דיר,
און גיי אַראָפּ פון זינען.
פון פאַרמעלטן וואָגן,
אַז דו ווינקסט אַראָפּ
שווינדלט אין די אויגן
און כ׳פאַרליר דעם קאָפּ.
שפּיר איך נאָר דיין ריח,
דיין ווונדער צויבּער רייץ,
צאַפּל איך גענאָגלט
אויף שוואַרצן האַקנקרייץ.

בּרויט!
דו בּיסט מיין חלום,
בּיסט מיין טרוים,
אַ געליבּטע, וואָס אַ מאַן
קאָן אַנען קוים —
דיין קלאַנג ווען איך הער —
ווערסטו מיין בּאַגער
און ווינט איז און ווי
פון קינדער צו הערן,
נאָך דיר ס׳געשריי.

ברויט!
אין ווייטיקדיקער נויט
ביסטו אַ גאָלדענער צויט,
אין בענקענדיקן העל,
אויף הירשן פעל —
זילבערנער שרויט.
דערפילסט דו נישט מיין באַגער
ברענגסטו טויט, טויט, טויט.

ברויט!
פון בלויען באַגינען
ביז פאַרנאַכטן־רויט,
אום דיך צו געפינען
קריכט מענטש אין קויט,
ווי אַ היימלאָזער הונט
מיט גאַווערדיקן פּיסק,
אין קאַסטנס פון מיסט
ווי אין עראָטישן גלוסט.

ברויט!
גאַרונג דו מיין!
אין ביינאַכטיק געוויין,
אין חלום קאשמאר
און אין שמייכלדיקן צער —
האָסטו פאַרשקלאַפט.
דעם חכם דעם נאַר.
איבער אַלעם ביסטו האַר.

ברויט!
עס זינגט דיין לויב
די מאַמע ביים וויג,
אין הונגעריקער שטויב.
און ס'יאָמערט זיין קלאָג
דער יתום — דאָס קינד.
ביי טאַטע־מאַמעס אָפענער גרוב

דעם נגיד, דעם יורד
שרעקט דיין פרייז.
און דעם בעטלער אין הקדש
ביים קניקן די לייז.

ברוים!
ביסט חלום און וואָר.
פאַרנעפּלט און קלאָר.
ווי אַ צנועה'דיק מיידל
ביסטו מילד און צאַרט.
טעג חדשים און יאָרן
האַסטו מיך אָפּגענאַרט
און בויג איך פאַר דיר
מיין שטערן צו דער ערד —
ביסטו מיין חלף
ביסטו מיין שווערד.

ברוים!
און וועסטו אַמאָל
צו דערגרייכן שוין זיין —
וועט פוילן דאַן ערגעץ
מיין פלייש און געביין,
און איך — דער זינגער
פון דיין גלוסטיקן לויב,
וועל לאַנג שוין זיין
צו אַש און שטויב.

ליטצמאַנשטאַט - געטאָ
1942

# די וועלט אַ מדבּר

די וועלט פֿאַר מיר, אַ מדבּר איז
אַ אָקעאַן ברייט און טיף.
דאָס קעמל איך, אָן קאַראַוואַן
אַן איינזאַמע מדבּר־שיף.

לאָגלען צוויי, די אויגן מיין
פול מיט בלוט רויטן וויין.
דאָס האַרץ אַ קרוג, געשפּאָלטן איז
אָנגעגאָסן מיט געוויין.

טריפט פון קרוג, אויף זאַמדן הייס
אַ טרער קלאָר, אַ טרער ריין.
ס׳צייכנט זיך דער וועג וויסט
מיט טראָפּנס בלוט רויטן וויין.

לאָגלען צוויי . . .

גיי איך מיר. מיין קעמל גאַנג
איבער מדבּר מאַט און מיד.
קלינגן גלעקלעך אויף מיין האַלדז
קלינגען אויס אַ וואַנדער ליד.

לאָגלען צוויי . . .

שלעפערט איין מיך דאָס ליד
ס׳זיפצט דער מדבּר מיט געוויין,
וויינט אין מיר מיין געמיט
כ׳בין פאַרלאָזט אַליין אַליין.

לאָגלען צוויי . . .

פאַרלאָזט מיך דער ווייטיק נישט
גייט מיר נאָך טריט בײַ טריט,
געצייכנט איז דער מדבר וועג
מיט טרערן מײַן מיט מײַן בלוט.
לאָגלען צוויי...

ליטצמאַנשטאַט־געטאָ — לאַנדסבערג
1944

# צוזאַמען מיט דיר

צוזאַמען מיט דיר רו איך אין טיפן צער,
אויפן גרויסן בראָך,
וואָס האָט אונדז געטראָפן,
און ווי איז צו אונדז —
ס'איז נישטאָ אַפילו,
ווער ס'זאָל טרייסטן,
און ווער ס'זאָל שטאַרקן
אונדזער גלויבן און האָפן.
און דערפאַר זיינען
דיינע אויגן טריב,
ווי ביי דיין שוועסטער לאה
מיט טרערן פאַרלאָפן.
און עס רוט אין דיינע אויגן
די שכינה פון צער
דאָס האָט מען דאָך
דיינע קינדער געוואָרפן
ווי אַ באַלעם אין שפיל;
און מיט טייוולישע געלעכטער
געשאָסן די עופ'הלעך אין ציל
און ס'איז מיין האַרץ געוואָרן
דער אָפענער ארון־קודש
פאַר דיין שטיל געוויין,
און צוזאַמען מיט דיר — בויג איך זיך
אונטער דער לאַסט געגנאָגלט
צו אַ פייערדיקן האַקן־קרייץ,
און איך הענג אַזוי
ביי אַ דאָרפישן שליאַך
אויף אַ סקוזשיפּנדיקן סלופּ
צווישן פעלדער מיט ווייץ
מיט אָפּגעמעקטע שריפט —
ואותו תלוי על העץ.

בערגן־בעלזן, אויגוסט 1945

# אַ גאַנג אַזאַ

מיר זיינען געווען דריי —
איך, מיין קינד און אַ פריינט
אין איין ריי
מיר זיינען געגאַנגען
אַ גאַנג אַזאַ
אין פינצטערן פרימאָרגן,
אויפן האַרץ איז געלעגן
אַ שטיין פון זאָרגן;
די נאַכט האָט געהערט
צום פיינט —
און וואָס וועט זיין
מיטן מאָרגן?
נאָר דערוייל גייען מיר.
מיר גייען
צוזאַמענגעדריקט אין רייען
אַ גאַנג אַזאַ —
נאַקעט, באָרוועס, אין גליטשיקן שניי
איך, מיין קינד,
און דער פריינט
מיט שטרויכלדיקע טריט.
עס איז שוין צעמישט
דער טאַקט פון די פיס,
און דער שלאָף
ליגט אויף אויגן זיס;
און פאַרמאַטערט און מיד
איז אונדזער הייזעריק ליד
הללויה־הללויה,
אין גלייכשריט מאַרש!

שרייט אַ קאַפּאָ,
און ס׳ליגט אויף מיר
זיין שווערע לאַפּע.
ס׳איז געווען אַ גאַנג אַזאַ
אין חשון — פרימאָרגן
אין חשכ׳עס פון נאַכט.
מיר גייען צום שלאַכט
פאַרן היינטיקן טאָג.
עס שיט דער שניי
און מיר גייען
איך, מיין קינד
און דער פריינט
אין איין ריי;
באָרוועס די פיס, קאַלט ווי אייז —
חדשים דריי עסן די לייז.
דער לעצטער טראָפּן מאַרך
איז אויסגערינען
נאָר איך לעב נאָך —
עלעהיי ביי אַ מת
וואַקסן האָר און נעגל
עטלעכע מעת לעת.
נאָר פון ווייטן
אין זאַווירוכע
אין חושך פון נאַכט,
אין רעגן און שניי,
ווי מיר גייען אין איין ריי —
זע איך אַ פלעמל ציטערט
אין אַ שלאָפנדיקן דאָרף.
איז אין אַ גאַנג אַזאַ,
אַז דו זעסט אַ פלעמל,
ווען ס׳האַרץ חלשט שלאָף,
און די אויגן אַ דרעמל
ברעכן זיך די קני,
און ס׳צאַפּלט אויף
אין בלוט דער אומרו.

האָסט אויך אַמאָל
אַ היים געהאַט,
און דורך דיין פענצטער
געציטערט אַ פלעמל
האָט אַזוי,
און אין אַזאַ פרימאָרגן
פון רעגן און שניי
ביסטו געווען
מיט פרוי און קינד
ווייט פון פיין און וויי,
כ׳האָב געהאַט אַ היים? —
אַ חלום אַזאַ, אַ טרוים
נאָר דאָס פלעמל
לאָזט נישט רוען.
אין גאַנג פון רעגן און שניי —
איבער מיין קאָפּ פלאַטערן
טויבן ווייסע צוויי
און וואָרקן
פליסטערן אין אויער;
נאָר אין פינצטערן פרימאָרגן
אין אַ גאַנג אַזאַ
ווערט פון ווייסע טויבן —
שוואַרצער טרויער,
און דאָס פלעמל
ווינקט פון ווייטן...
— — — — —
ציטערט אַזוי דאָס פלעמל,
און לייגט אויף אויג
און האַרץ זיך שווער
און איך פיל אויף ליפּן —
אַ זאַלציק, בייסיק הייסע טרער.
און ווען נאַקעט, באָרוועס;
אַזוי איך טרעט —
חלומט זיך אַ וואַרים בעט
אַ פרוי פליסטערט

האַרציק ווערטער ליב,
און דו פילסט אַ טרער
פון גליק —
ס'איז דאָך מענטשלעך אַזוי,
נאָר איצט, אין אַ גאַנג אַזאַ,
אין פרימאָרגן טריב,
צעבראָכן און מיד
מיט הייזעריק ליד
איז אַלץ פאַרלאָרן
כ'בין קיין מענטש נישט מער,
אנומלט האָב איך געהייסן
מאיר בער —
איצט העפטלינג 95482
גייען מיר אין איין ריי —
איך, מיין קינד, אַ פריינט
צוזאַמען דריי —
און עס שיט דער שניי,
ס'פייפט אַ ווינט
ביי מיין זייט
ווייגט מיין קינד.
דער פריינט מיין,
און איך אַליין.
— — — — —

לאַגער פיר (קאַופערינג)
1944

# אַן איבערגעריסן ליד

אויך ווייס נישט מיט וועלכן טויט
איך בין געשטאָרבן.
און ביי וועלכן קבר
ס'וועט דער חזן אַ „אל מלא" ציקלען.
און וואָס וועט ער זאָגן —
כ'בין גע'הרג'ט פאַרברענט
גע'שחטן, דערוואָרגן
אַז נעכטן, היינט און מאָרגן
בין איך אין אַלע טויטן
געשטאָרבן מיט טויזנט טויטן
און ווי וועט זיך הויבן
מיין מצבה־שטיין,
אַז איך ווייס נישט
אין וועלכן ברודער קבר
איך בין באַגראָבן,
און ווי ס'איז פאַרשאָטן
מיין געביין,
און ווער וועט נאָך מיר
וויינען, כליפּן,
טרערן, געזאַלצענע זיפן —
אַז אַלע זיינען געשטאָרבן.
אַז אין פאַרצווייפעלטער נויט
זיינען די לעבעדיקע טויט.
— — — — —

לאַגער פיר קאַופערינג 1944

# אין פינצטערן באַראַק

אין פינצטערן באַראַק
אויף קרומער וואַנט,
שרייבט אַ שרעקלעכע האַנט.
ווייַ איז צו דיר,
דו ביסט פאַרלענדט.
און איך לייען
די געשיכטע פון מיין פרוי
די מאַמע פון מיינע קינדער,
וואָס די רוצחים האָבן פארברענט.
און אַזוי
רעדט צו מיר
מיין פרוי
אויף דער וואָר
און באַקרוינט
איז איר ליידנד געזיכט,
מיט קרויזן שוואַרצע האָר.
דו וואַרטסט צו הערן
אַ גרוס פון מיר?
אומזיסט דיין וואַרטן
צווישן די לעבעדיקע
בין איך נישטאָ,
ס'איז צערינען שוין לאַנג
פון מיין לעצטן קרעכץ
דער עכאָ־קלאַנג.
איך געדענק שוין נישט ווי
נאָר מען האָט אונדז
אויפגעלאָדנט
ווי צו דער שחיטה

געשיקטע פּי
איז אומזיסט דיין האַררן,
און פון זוכן דיין מי.
איך ווייס,
געשטרויכלט שוין לאַנג
איז דיין קני
אויף בלוטיקער ערד,
ווו פאַרלענדט האָט אונדז
דעם שונא׳ס שווערד.
און ווען ס׳איז גיכער טויט
און ווען ווייניק
לעבן געווען באַשערט.
און אויך דערפאַר
האָט דיין זוכן קיין ווערט,
ווייל מיין קבר
איז אין ערגעץ נישטאָ
אויף דער ערד,
ווייל אויפן פייער
בין איך געווען אַ קרבן
פון אכזריות און רויב
דערפאַר, דו! דער דיכטער
פון מיין לויב,
זוך מיך אין אַש און שטויב
אין אַש און שטויב.

טויטן־לאַגער, 1944

# אויף פרעמדער ערד

יידיש פאָלק!
עס וואַנדערט דיינס אַ דיכטער
אויף פרעמדער ערד.
און כ׳ווייס נישט, וואָס פאַראַ טויט
ס׳איז מיר באַשערט.
ס׳ווערט פון מיר דאָס לעבן
שוין לאַנג נישט באַגערט.
און טרוקן איז דאָס אויג —
נישט פייכט־פאַרטרערט.
און וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין לעבן?
אַז אין האַרץ איז וויסט,
אָן פאַרלאַנג אָן שטרעבן
ס׳האָט קיין טעם, ס׳האָט קיין ריח,
ס׳איז מיר אַלץ „עגאַל" און גלייך.
שוין לאַנג ווינקט צו מיר
פון ווייסן סופים אַ האָק,
נאָר כ׳ווייס נישט וואָס ס׳איז בעסער —
וואָס פאַראַ טויט?
אַ פעטליע פון אַ שטריק,
אָדער בלייענער שרויט?

דיסלדאָרף 1945

# איך האָב דיך געפירט

איך האָב דיך געפירט
אויף די הויכן פון מיינע חלומות.
אָפט איז דער באַרג־אַרויף
צו שווער געווען פאַר דיר
דער טויב פון די טאָלן
און דו ביסט מיד געוואָרן.
אָבער נישט אָפּגעשטאַנען
ווייל דיין ליבע צו מיר
האָט דיך געשטאַרקט,
און געשטאַרקט מיין גלויבן,
מיין גלויבן אין זיך —
און איך בין א דיכטער געוואָרן
צו זינגען דיין לויב —
דעם לויב צו אַ נייעם מענטש
אַ חבר. א פריינט
פאַרן קומענדיקן מאָרגן
און פאַרלוירענעם היינט.
איך האָב מיך פאַרכליניעט מיט דיר —
מיט דיר מיין גליק
ביזן דערטרונקן ווערן.
איצט איז אויסגעטריקנט
מיין קוואַל פון טרערן.

בערגן־בעלזן
סעפּטעמבער 1945

# אויף וועג און שטעג

אויף וועגן און שטעגן
דיך זוכן מיינע פיס.
אַלע ליידן, אַלע פּיינען
אויפן האַרץ פאַלן זיס.
איז גוט אַזוי צו שפּאַנען
ווען טרערן שלינגט די קעל,
און טויזנט מלאכי חבלה
קייקלען מיך אין העל.

בערגן־בעלזן
1946

# אַליין

זין און טעכטער פון צוועלף פעלקער
האָב איך געזעגנט.
און אַ יידישע טאָכטער,
איינע צווישן זיי,
האָב איך באַגעגנט.
אַלע האָבן לידער געזונגען,
לידער פון היים און פריינט,
וואָס וואַרטן אויף זיי.
נאָר נישט געזונגען האָבן מיר צוויי,
נאָר געפיבערט מיט פיין און וויי.
עס האָבן די קינדער
פון אייראָפּעס פעלקער
געזונגען אַ היים־ליד,
נאָר באַטריבט איז געווען מיין געמיט...
כ'האָב קיין היים, קיין פריינט,
איך בין אַליין.
עס האָבן די קינדער
פאַרשלעפּט אין לאַנד פון ריין
געזונגען מיט געוויין;
געוויין פון פרייד
און האָבן מיך געטרייסט.
זיי האָבן געזען מיין צער
און געדריקט מיין האַנט:
„זיי געטרייסט פריינט
אין פרעמדן לאַנד".
איך האָב געפלאַמט פון שאַנד,
כ'האָב קיין היים, קיין לאַנד.
און טרערן פון עלנט
און ערירי־מענטש —
האָבן פאַרשטעלט די שיין,
איך בין אַליין...

מינכן־גלאַדבאַך, 1945

# ווי אַ היימלאָזער הונט

ווי אַ היימלאָזער הונט
פּלאָנטער איך זיך
צווישן אייראָפּעס פעלקער
אין לאַגערן פון דיפּי
און אין חרוב׳ע וואָקזאַלן.
און איך ווייס נישט
וווּהין עס פירט מיין וועג.
עס פייפט אַ צוג
איז עס דער,
וועלכער וועט מיך פירן
ערגיץ ווו אַ וועקצולייגן
מיין קאָפּ אין רו?
קיינער ענטפערט נישט
נאָר די ווייזער
פון באָמבאַרדירטן
וואָקזאַל־זייגער
ווייזן ווי טויטע פינגער
איינער דאָ איינער דאָרט.
אין ערגיץ
וועסטו נישט געפונען
קיין רו אָרט.
אַזעלכן ווי דו
איז אַזאַ גליק נישט באַשערט,
און אייביק וועסטו וואָגלען
אויף פרעמדער ערד.

דייטשלאַנד חשון
1945

# ביסט אין האַרץ

ביסט אין האַרץ מיר געבליבן,
ווי אַ קינד ביי אַ מאַמעס ברוסט
טוליעסט זיך צו מיר
אין אויפגעוואַכטער גלוסט
און איך צערטל, שטרייף
דיינע קרויזן שוואַרצע האָר;
איך קוש לייטזעליק דיינע אויגן,
צעגייסט אין מיינע אָרעמס.
דו לעזט זיך אויף
אין בלויען רויך
און אין פאַרגעסנהייט
מיר פאַלן
און פליען הימלען הויך.

בערגן־בעלזן
1945

# אָן פרייד

וואָס איז אַ לעבן אָן פרייד?
ווי אַ טויטע כלה אין חופה קלייד,
ווי אַ האַרץ פוסט און לער,
ווי אַ אויג אָן אַ טרער
ווי אַ נאַכט אָן שטערן,
ווי אַ פרוי אָן באַגערן.
ווי אַ וואַלד אָן געזאַנג
ווי אַ ליידיגע זאַנג,
ווי אַ האַרבסטיקע נאַכט,
ווי אַ פאַרשפילטע שלאַכט
ווי אַן אָדלער אָן פליגל,
ווי אַ בריף אָן זיגל.
ווי אַ שטוב אָן ליכט,
ווי אַ פאַרוויינט געזיכט,
ווי אַ מענטש, אַלט געבויגן.
ווי אַ מעדל מיט טריבע אויגן.
— — — — — — —

ווי אַ טויטע כלה אין חופה קלייד —
איז אַ לעבן אָן פרייד.

פעלדאַפינג
1946

# כ'האָב געזען אַ מאַמע

כ'האָב געזען אַ מאַמע
מיט אַ קינד אויפן האַנט;
און געלויכטן האָבן
יינג־מאַמעשע אויגן.
ס'האָבן געלאַכט
אירע הענט
מיטן מאנא־ליזע שמייכל,
און ס'האָט געשטראַלט
מאַמע־וועזן
מיט ליכט פון אַ היכל.
נאָר עס איז נישט געווען
די פרייד פון אַ יידישער מאַמען,
ווייל נישט שמייכלען
קאָנען די הענט
פון די מאַמעס,
וואָס מען האָט
זייערע קינדער פאַרברענט.
די הענט
פון אַ יידישער מאַמען
וויגן אין חלל
פון דער וועלט
די נשמות
פון זייערע קינדער.
די הענט
פון אַ יידישער מאַמען
זיינען שלאַבריק און מיד,
און זינגען אין זייער צער
אַ שטום טרויעריק ליד.

בערגן־בעלן 1945

# צייט האָסט פאַרלאָזט

צייט האָסט פאַרלאָזט מיין שוועל,
איז די וועלט פאַר מיר אַ העלי
ס'איז מיין ליד
נאָר צו דיר געווענדט.
פאַרוואָס האָט די שווערד
פון מיר זיך אָפּגעווענדט!
עס איז בעסער שוין דער טויט,
איידער צו זיין
אַנאויסגעדריווולטער צויט,
בעסער מיט אַ פריינט
צוזאַמען פאַרגיין,
איידער אַ לעבן לאַנג
אויף וויסטער וועלט
צו בלאָנדזשען אַליין.

בערגן־בעלזן 1946

# מיין גאַנג אויף דער ערד

מיין גאַנג אויף דער ערד
איז איבריק.
און מיד און מאַט
איז מיין געמיט.
און ווו עס שטעלט
מיין פוס אַ טריט,
פרעגט זיך אויס
אַ ליד;
אַ ליד שוואַרץ
ווי אַ טויטן־טוך
איבער אַ מת,
און אַזוי פאַרגייט
די צייט
מעת־לעת נאָך מעת־לעת.

פלאַק־קאַסערנען ביי מינכען
יולי 1945

# נישט איך

נישט איך האָב ערד
אויף דיין קבר געשיט.
נישט איך האָב דיך געזעגנט
מיט מיין קדיש ליד —
אַ פריער האַרבסט־ווינט
האָט איבער ברידער־קברים
קדיש יתום געזאָגט;
און הונגעריקע הינט האָבן
איבער שוועסטער־גריבער
וואָיענדיק געקלאָגט;
און אפשר האָט דיין לעצט געדעכניש
אַ מילד ווינטל צעבלאָזן,
און דיין אַש האָט פאַרדעקט
אַ פעלד מיט זאַפטיקע גראָזן;
און ווו איז דאָס פעלד?
איך וואָלט דאָס פנים מיין
דאָרט פאַרגראָבן מיט געוויין,
און איינגעזאַפט וואָלט איך
אין מיין געריגען בלוט
דעם לעצטן פייערדיקן גלוט
פון דיין פאַרקוילט לייב.
איך בין שולדיק אין דיין טויט,
און ס'איז מיין לעסטיק לעבן
מער קיין גאָלדענער צויט
נאָר אַ טרוקענער קנויט
וואָס ברענט נישט מער,
נאָר לעשט און צאַנקט
ווי ס'געוויין פון אַ בלינדן
אָן קוועלנדיקע טרער.

דייטשלאַנד 1946

# פאַרצווייפלונג

אָ גאָט !
כאָטש איין מענטשליך־וואָרט
ניין! די הימלען זיינען פאַרמאַכט,
אַרום איז נאַכט, נאַכט, נאַכט.

כ׳וויל ריידן כ׳וויל שרייען,
איך בויג זיך פון ווייטיק
אין דרייען.
סשטיקט אין האַלדז
קראַמפּהאַפטער ווי
פאַרצווייפלט געשריי,
מענטשן ! מענטשן הערט !
פאַרנעמט פאַרשטייט.
עס ווערט בלויז מיין שרייען
פון אַ טויבן עכאָ באַגלייט,
איך וויין, איך בעט,
מענטשן הערט!
עס ווערט מיין שרייען,
פון קיינעם נישט באַגערט.
פון האַרץ פליסן שוין נישט
ווערטער פלאַמען;
נאָר שטראָמען בלוט
און טרערן ימען.
צו נאָר חיות האָבן געוויסן
און מענטשן וועלן אייביק
זיין אכזריותדיק פאַרביסן
גוואַלד מענטשן שלאָגט נישט !
און דער וואַגאָן

מיט מענטשן מערדער,
אין גרויליקער צייט
לויפט אין דער וויסטער נאַכט
אין שוואַרצער ווייט...
ווּהין, ווּהין
לויפט די מאַשין
דורך שוידער און שרעק
אַין דער פינסטער אַוועק?
עס שרעקן סקעלעטן
דורך פאַרקראַטעטע פענצטער
און ס'לאַכן טייוולאָניש
טויטע געשפענסטער,
כא כא כא כא כא כא
אַזוי רייצט זיך דער צוג
מיט בייזן געלעכטער
צום שעכטער, צום שעכטער
צום הינטישן לעבן
צו ליידן און נויט
אויף הונגער און שמיץ
צום טויט, צום טויט.

אויסשוויטץ־דאַכאו
אויגוסט 1944

# בראשית

בראשית — — — — —
האָסטו מיך געלייטזעליקט
מיטן ווייכן סאַמעט
פון דיינע אויגן,
און כ׳האָב פאַר דיר
דעם קאָפּ געבויגן,
וירא אלהים כי טוב —
דו אַ געטין,
איך אַ גאָט
אין ווירבלדיקן זאָט
דו — אַ מעדל חלום, אַ טרוים
איך — ערדיש
אַ גייענדיקער בוים.
האָט געזוכט דיך
מיין האַרץ,
געזוכט שוין לאַנג
אין פרייד, פּיין און באַנג.
כהאָב נאָך נישט געוווּסט
צו דו ביזט חוה אָדער שלאַנג,
נאָר כ׳בין פול געוועזן געזאַנג —
האָסטו נישט געוווּסט,
אַז פון בענקשאַפט
צוזעצט ווערט מיין ברוסט
פון גלוסט,
פון גיר נאָך דיין באַריר.
נאָך דיין קעניגלעכן גאַנג,
בין איך ווי אַ מילגרוים
פול געוועזן
מיט פריידיק געזאַנג.

און תהו ובהו איז געווען
ששת ימי בראשית,
כאָאָס.
אויף דער גרעניץ
פון צוויי אשמורת
אין חצות
געציטערט האָט איבערן באַשאַף
דאָס קול פון גאָט.
ווי אַ שאָס פון אַ ראַקעט
איבער אונדזער פּלאַנעט.
אַראָפּ תהום,
איבער שווינדלדיקן ווייסן שוים
אין גלי,
אין ברי
פון דער זי
און האָסט מיך אויסגעלייזט,
מיר אַ תיקון געגעבן,
און געקיניגט איבער מיין לעבן.
האָבן יאָרן מיט חדשים
זיך געפלאָכטן
אין יום־טוב׳דיקע טעג
היאַצינט, נעגעלעך און נאַרצים
זיינען געוואַקסן אונטער די טריט
פון אונדזערע פיס.
פאַר־חלום׳טע לבנות
האָבן צו אונדזער גליק געשמייכלט.
שטערן זיינען
אויף אונדזערע וויעס געהאַנגען,
און מיר — געפאַנגען
ווי פייגל אין גרין־זוניקער נעץ,
האַבן נישט געזען
אַז אונטער אונדז
אַ צונג שטעקט אַרויס
אַ בייזער לץ;
אַ מולך, אַ געץ;

און ווי קינדער זײַנען מיר געשפּרונגען,
פֿאַרבלינדעט פֿון גליק,
אַרום פֿײַער צווישן מלאכי־חבלישע
אַרויסגעשטעקטע צונגען.
און דאָס אַלט־יונגע פּאָרל
לילית און סמאל
פּאַטשן מיט די הענט.
און אַז אונדער גורל
אין אַ גרוב פֿון בעלמנאָ,
באַגאָסן מיט קאַלך און כלאָרעק,
צאַפּלט זיך און ברענט.

פֿעלדאַפֿינג, עליזאַבעט־שפּיטאַל

1946

# פאַרלאָז מיך נישט

פאַרלאָז מיך נישט.
מיט דיר וויל איך בלייבן.
אַז דו לעבסט ביסט מיט מיר,
אויף אייביק וויל איך גלייבן
איז דען דאָס לעבן
נישט קיין טרוים,
אויפגעשלאָגן זייפן שוים?
וויל איך אין חלום מיט דיר זיין
ביז אין טאָג פון פאַרגיין.
ווי לאַנג אַז ביסט אַוועק —
איך לעב אין פיין, איך לעב אין שרעק.
ביסט געווען, ביסט פאַרשוווּנדן.
כ'האָב אַ יאָר־צייט־ליכט —
אין האַרץ פאַר דיר געצונדן
ס'קאָן מיין בענקשאַפט
די פעדער נישט באַשרייבן,
אַז דו לעבסט, ביסט מיט מיר
ביז מיין לעצטן אָטעם צוג,
אויף אַנ'אמת וויל איך גלייבן.

דייטשלאַנד
1945

# נישטאָ ווער

נישטאָ ווער
עס זאָל יום־טוב שפּרייטן
אַרום מיר,
ווי ווייסע טישטעכער
אויף וואָכנדיקע
קרעטשמע טישן.
און צופיל וואָך און גרוי
און דער הימל
איז אויך מער נישט בלוי
און דו ביסט נישטאָ,
איז נישטאָ ווער עס זאָל
יום־טוב שפּרייטן
אַרום מיר,
ווי ווייסע טישטעכער,
אויף וואָכנדיקע
קרעטשמע טישן.

# פּרילינג אין קאַצעט

פון ייִנגן סאָסנע ווערדל
האָט אַרויסגעשאַלט,
אַ בּשורהדיקער פויגל־טריל,
נאָר כ׳ווייס נישט
וואָס דער זינגער וויל,
אין פריען מאָרגן
פון ייִנגן אַפּריל.
איך גיי סיי ווי אויס
אָן פאַרלאַנג, אינדערשטיל.

לאַגער פיר קאַופערינג

# נאַכט אין קאַצעט

האַרבסטיק גרויליקע נאַכט,
ווי פאַרשאָלטענע גילגולים
רוישן צווייגן, אונטערן פענצטער.
אין באַראַק איז טויט שטיל.
מיט אויגן אויפגעריסן,
קראַצט אַ בר־מינן —
מיט טויטע פינגער
אין פינסטערניש טויב,
אין דער ברודיקער שויב.

לאַגער פיר קאָופערינג

# קריעה

נישט אין מיין מאַנטל
האָב איך קריעה געריסן
אַ משוגע'נער הונט
מיט שלינגעדיק פּיסק,
מיין האַרץ האָט איינגעביסן.

אויסשוויטץ 1944

# כ'האָב אויסגעוויינט שוין

כ'האָב אויסגעוויינט שוין
אַלע טרערן,
און טרוקן זיינען
די אויגן קוואַלן.
נ'סהאַרץ, איז פּוסט און לער.
און ווי איז דעם מענטש
אָן אַ טרייסטנדיקע טרער.

אויסשוויטץ 1944

# פּראָצעסיע

אַ פּראָצעסיע גייט,
גייט, גייט און גייט.
אַ טויטן־מאַרש!
אין האַלבער נאַכט
און וועקט און שרעקט
די וועלט וואָס שלאָפט
און פּאַפט,
און שטערט די רו
אין שפּעטער שעה.

אַ פּראָצעסיע גייט
אַ גאַנג אַזאַ;
עס גייען
צוועלף מיליאָן פּיס,
פּיס, פּיס, פּיס;
פּיס פון זויגנדיקע,
פּיס וואָס זײַנען געלאָפן
אין שולן פון „ציש"אָ",
פון „תרבות",
פון תלמוד־תורות;
פּיס פון חתנים און כלות,
פון טאַטעס און מאַמעס;
פּיס שלאַנק און זינגנדיק,
פּיס קרומע פון אַרבעט,
פּיס פון חלוצים־חלוצות,
וואָס גייען

אין טאקט פון האָרא;
פיס וואָס זיינען
אויף באריקאדן געלאָפן,
פאַר פרעמדע בלוט פאַרגאָסן
און אַליין גוטס נישט גענאָסן.
פיס, פיס, פיס,
צוועלף מיליאָן פיס
גייען, גייען און גייען
אויף וועלטישן טראַקט.
אין טאַקט
פון געוויין פון פיין.
אַ פראָצעסיע גייט
אַזאַ גאנג
אָן געזאַנג
שטיל, שטיל, שטיל,
צום לעצטן ציל
גייט אַ גאַנג
פון סקעלעטישע פיס,
און ס׳ציטערט אַנ׳עכאָ
ווי פון שפּאָרן און שפּיז,
און וועקן און שרעקן
די וועלט וואָס שלאָפט
און פּאָפט...
נאָר ס׳טרעפט,
אַז ס׳באַגיסט זיך מיט שוויים,
מיט קאַלט און הייס,
ס׳געוויסן פון וועלט
אין ווייכן בעט,
און זי געניצט ארויס
דורך ריגל און שלאָס —
פאַרמאַכטן הויז,
און צישעט וואַ׳שלאַנג
— ווער גייט אַזאַ גאַנג?
קרייץ־דאָנער־וועטער!
און, אַז איר גייט

זאָל זיין געגאַנגען
אין גלייך—שריט מאַ—רש;
איינס, צוויי, דריי,
שטיין בלייבן, סטאָפּ!
אַראָפּ דעם קאָפּ!
און ס׳לויפט אַנ׳ס.ס.
מיט רוצחש׳ע אויגן
און הינטישן מויל,
און ס׳ציטערט דאָס האַריץ
פון שרעק און גרויל.
— ערשטע הונדערטשאַפט,
— צווייטע הונדערטשאַפט,
אַכטונג!!!
מיצן אויף, מיצן אַפּ!
צוריק!
פאַרפלוכטע דרעק־זעק,
מיצן אויף, מיצן אַפּ;
— — — — — — —
און ס׳קלאַפּן
סקעלעטישע פיס
אויף הארטן ברוק,
טוק, טוק, טוק,
איינס, צוויי,
איינס, צוויי,
גלייך אין דער רײ.
און ס׳גייט:
טרעבלינקע, כעלמנאָ, מאידאנעק,
אוישוויטץ, סאַביבאָר, פּאָנאַר;
אויפגעשטאַנענע פון קברים
שפּאַנען זיי אָרעם אין אָרעם —
פאַרגאַזט, דערשטיקט, פאַרברענט,
האַלטן זיך פאַר די הענט,
הענט, הענט, הענט,
הענטלעך צאַרטע פון קינדער.
סאַמעט הענט, פון יונגע מאַמעס,

לאַכנדיקע הענט, פון פאַרליבטע,
טרויעריקע הענט פון טאַטע־מאַמע.
און ס׳פלאַטערט אין ווינט
אַ קאָקאַרדע פון אַ קינד
מיט אַ שמייכל
געמישט מיט שרעק,
און טראָגט אים
אין אייביקייט אַ וועק...
אַ פּראָצעסיע גייט,
אַ פּראָצעסיע גייט,
אין טאַקט פון געוויין
אַזאַ גאַנג אָן גענאַנג
איינס, צוויי,
איינס, צוויי,
און מיר?
מיר גייען, מיר גייען —
צוזאַמען מיט זיי.

פעלדאַפינג — עליזאַבעט־שפּיטאָל
1946

# פאַר דיר

כאָטש געשטרויכלט זיינען מיינע פיס,
ווייל אויף די וועגן
פון לאָדשער־געטאָ,
אויסשווימט און טויטן לאַגער ביז דאַכאַו
בין איך געגאַנגען,
און אַן אייביקייט שטיי איך
אויפן ראַנד פון ברידער־
און שוועסטער־קברים אין כעלמנא
מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ
ווי אַ משוגענער הונט,
וואָס שרעקט זיך פאַר אַ מענטשליכן טריט;
און מיין הכנעה וועט סיי־ווי
נישט מרוצה ווערן
פאַר מיין קופערנעם שטערן
און פאַלשע טרערן,
שטיי איך פאַר דיר פאַרבליפט
אָנגעגאָסן מיט צער,
באַטרונקען מיט גיפט
און איך בעט
אויף וועלט אונטערגאַנג,
אין מיין ליד און געזאַנג.
און מיין תפילה מיין בעטן,
אַז עס זאָלן אונדזערע קדושים
איבער מיין אומווירדיקן גוף טרעטן;
ווייל כ׳האָב זיי פאַרלאָזט
אין זייער לעצטן גאַנג.

און איך בין אן אָפּטריניקער
פון אַ הייליקער עדה;
און כאָטש איך בין פאַרשאָלטן
אויף אייביק צו שמעקן דעם ריח
פון זייערע פאַרברענטע לייבער,
וואָס איך האָב אין מיינע נאָזלעכער
איינגעזאַפּט אין לאַגער בירקענוי
ביי אָש — — וויענ — — טשים;
און כאָטש מיין האַרץ ברענט נאָך
אויף זייערע פייערן, ואשו לא תכבה,
שטיי איך מיט געשטיקטן שלונג
אין פאַרראָסטן קונע־רינג.
מיין האַלדז געשמידט
מיט כארכלנדיקן ליד
אין פּאָליש פון דער סטריקיווער שול,
ווו אַ שוואַרץ אויגיק מיידל מיט צעפּ
האָט אַמאָל אַ ספר־תורה געקושט,
וואָס איך האָב ביי הקפות
געטראָגן אין מיינע הענט,
נאָר זי האָט נישט דערלעבט
אויסגעלייזט צו ווערן
און איז געוואָרן פאַרברענט.
טרעט איבער מיר
מיט דיינע פאַרקוילטע פיס,
פאַרשיכור מיך מיטן כלאָרעק־ריח,
נאָר איך וועל דערשפּירן דעם דופט
פון צאַרטן נאַרצים;
ווייל ווי איר בלומען־שטענגל
ביסטו געוועזן שלאַנק,
און ריין די ליבע
מיין פרוי
ווי נאַרציסן־בלעטלעך
אין פרישן מאָרגנטוי.
טרעט איבער מיר
און איך וויל הערן דאָס שורשן

פון דיין זיידן קלייד,
נאָר איך באַשווער דיך.
נישט אין דיינע זיידענע לעטשלעך
זאָלסטו איבער מיר טרעטן
מיט דיין שוועבנדיקן גאַנג.
ווייל פאַרשטומט אויף אייביק
איז מיין פרייד און געזאַנג.
טרעט איבער מיר, מאַמע,
מיטן חיי אָדם אין האַנט,
ווען דו ביסט אויף סעלעקציע
אויף לינקס געגאַנגען
ביסטו וויים געווען ווי די וואַנט.
טרעט איבער מיר
רבי מיינער, הלל צייטלין.
האָסט צעצינדן מיין געמיט
און פאַרשיכורט מיין ליד,
מיט דיין „יופי של מעלה",
און דער ווינט וועט בלעטערן
אין אַ מיסט־קאַסטן פון אַ חרובער געטאָ
דיין „על הזבח".
און גייט איבער מיר
איר קדושים אַלע,
און זאָל מיין גוף
אַ צעלעכערטער יזכר זיין
פון די שטיוול־פּאָדקעוועס
פון יידישע בעלי־עגלות
און גראָבע יונגען,
און פון די נענל־זוילן
פון געפאַלענע געטאָ קעמפער,
זעלנער און פּאַרטיזאַנער,
און די לעצטע זאָלן גיין
די פאַל־שירמער פון ארץ
מיט דער הייליק־געפּייניקטער
ח———נ———ה סע———נע———ש.
און שאַגאַלס ייד מיט שטעקן און טאָרבע

זאָל פליען איבער חרוב געוואָרענע
יידישע שטעט און שטעטלעך,
גאַז־קאַמערן און קרעמאַטאָריעס;
און זאָל פליענדיק איבער
זאַמענהאָף, געגשע און סמאָטשע,
זינגען: אשרי הגפרור שנשרף בלהבה,
דאָס ליד פון לידער,
וואָס האָט געזונגען אַ יידישע טאָכטער
מיט מלאכים צוזאַמען,
ווען געברענט האָבן געטאָס
פון אויפשטענדלער פלאַמען.
נאָר מיינע טמא אויערן וועל איך פאַרשטאָפּן
בעתן פראָצעסיע גאַנג,
נישט צו הערן דאָס הייליקע געזאַנג.

פעלדאַפינג
1946

# אין די לויטערע קוואַלן

אין די לויטערע קוואַלן פון מיין גלויבן,
ריין ווי זילבער שטויב
פון פאַרליבטע טויבן
אין די לויטערע קוואַלן פון פריידיק לעבן,
האָט עמיץ אַ ריינגעשפיגן,
און מטמא געווען מיין שטרעבן
און ס׳האַרץ איז אויסגעברענט,
מיין שפעטיק לעבן איז געשענדט
און טרוקן איז מיין טרער
און ס׳ברענט און בריט די טרער
דעם באלוטער וועבער־יינג; מאיר בער.

בערגן־בעלזן 1945

# אַ געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען

אַ געזאַנג איבער אַלע געזאַנגען,
אַלע געזאַנגען האָבן געזונגען
פּאָעטן און דיכטער,
און דאָס געזאַנג האָט געזונגען
אַ זון פון אַ פאָלק,
וואָס זיין מאַמע, ברודער און פרוי,
זויגנדיקע קינדער פון זיין פאָלק
אויף די הענט
פון זייערע יינגע מאַמעס,
קרעפּטיקע מענער, זקנים און זקנות,
זיינען געגאַנגען איבער די פעלדער
פון טרעבלינקע, מאידאנעק,
אויסשוויטץ און כעלמנאָ.
דער עמוד העבן
פון זייערע פאַרקוילטע לייבער,
זאָל זיך פון מיר
קיינמאָל נישט אָפּטאָן.
זייט מיר מוחל קדושים!
אויב מיינע געזאַנגען
וועלן דער יתגדל ויתקדש זיין —
אויך, פאַר מיין אומווירדיק לעבן.

בערגן-בעלן 1945

# יזכר

גערענק, גאָט גערענק!
אונדזער לעבן איז אַ געשענק
צו אַנטרינען
פון געפּאַר און קרענק,
פון הונגער, פון נויט,
פון טויט.
אַ שטיקעלע ברויט
האָבן קינדער
אין געטאָ געוויינט,
און געצאַנקט —
האָט זייער לעבן —
ווי דער פלאַם
פון אַ טרוקענער קנויט
און אויסגעגאַנגען,
נאָך ברויט.
נאָר ערגער איז געווען
די שרעק פאַרן מאָרגן,
ווען ס'לעבן איז יעדע מינוט
געוואָרן דערוואָרגן
און געשטיקט
האָט די שרעק,
ווי אַ גיפטיקע שלאַנג
און געצויגן האָט
איבער גאַסן
דער עכאָ,
פון אבלדיקן —
טרויער געזאַנג.

לאַגער פיר קאַופערינג

1944

# עס איז אָרעם מיין שפּראַך

יידישע טאָכטער!
עס איז אָרעם מיין שפּראַך
צו זינגען דיין לויב,
ס'פלאַטערן פאַר מיינע אויגן
דיינע צאַפּלדיקע הענט,
פאַלנדיק אין גרוב,
ווי די פליגל פון אַ טויב
פאַרציקט פון אַ שפּאַרבער אויף רויב.

יידישע טאָכטער!
ווען די ביסט געפּייניקט געוואָרן
אין די גרויליקע יאָרן,
איז די וועלט פאַר דיין וויי
פאַר דיין הילפלאָז געשריי,
געווען שטום און טויב
דערפאַר, ליג איך —
פאַר דיר אין שטויב.

יידישע טאָכטער!
איך וועל ביי דיר
פאַרצייאונג נישט בעטן,
איך שטיי פאַר דיר
שולדיק און צעטרעטן
און פאַר מיין פאַלשן טרייסטן —

דיך, גלויב און האָף
קני איך פאַר דיר
ווי אַ שטילע שאָף.

יידישע טאָכטער!
איך זע, דו שטיקסט זיך
אין לעצטן געראַנגל —
פון לעבן און טויט.
עס זיינען דיינעליידן
מיין שטענדיקע וויזיע
מיין טאָג־טעגלעך ברויט.
איך זע פון דיינע אויגן
דעם פאַרצווייפלטן גלאָץ
ווי ס'לעשט דיין פרילינגדיק־
יינג־זוניקער שפּראָץ.

יידישע טאָכטער!
עס זינגט אין מיין בלוט
דיין פלאַמיגער גלוט,
פון דיינע אויגן דער בליץ
דער אָפּשיין פון פלאַם
פון קרעמאַטאָרישער היץ.
איך האָב מיך גע'טובלט אַ מאָל
אין ליכט פון דיין אויג
געהייליקט אין דיין שטראַלנדיק
געזעליקטער פרייד
געקושט אין אַנטציקונג
דעם זוים פון דיין קלייד.

יידישע טאָכטער!
עס איז אָרעם מיין שפּראַך
צו זינגען דיין לויב
און דערפאַר וואָס כ'האָב נישט

דיינע ליידן געטיילט,
וועט מיין האַרץ, קיינמאָל —
נישט ווערן געהיילט.
און ווייל איך האָב נישט
דערזינגען דיין לויב,
וועל איך פאַר דיר אייביק ליגן
אין אַש און שטויב,
אין אַש און שטויב.

בערגן־בעלזן — פעלדאַפינג

1946

# דאָס ליד װעגן אַ װעש־שאַנק

דעק דאָס טישל צו,
און אויפֿן האַרץ
װעט זיך לייגן
װײַס שלוה׳דיקע רו.
דעק דאָס טישל צו!

— — — — — —

הײַנט איז יום־טוב מײַן פֿרוי,
עס װאַרט די װעש־שאַנק
אַז דײַנע אײַדעלע הענט
זאָלן זי אויפֿמאַכן
און דו זאָלסט
מיטן בליק שטרײַפֿן
די ריין שמעקנדיקע װעש.
אויפֿן ערשטן פֿאַך
ליגן די אויבער־העמדער
פֿון דײַן מאַן,
אויפֿן לעצטן — די העמדלעך
פֿון די קינדער.
אין די צװישן־פֿאַכן
פֿאַלט דער צערטלעכער בליק
פֿון יעדער פֿרוי.
דאָרט ליגן די ציכלעך
איבערגעשלײַפֿט מיט בלוי־
רויט־גרינע זײַדענע סטענגעס.
יעדעס מאָל, װען דו האָסט

די וועש געגלעט
בין איך אייפערזיכטיק געווען
ווי דו וואָלסט
אַ פרעמדן געצערטלט.
און אַז ס׳האָט געטראָפן,
אַז אַ שטיקל נאַסע וועש
איז פון דער שנור אַראָפּגעפאַלן,
האָסטו אַ ציטער געגעבן
ווי ס׳וואָלט זיך דיר
עפּעס אין האַרץ אָפּגעריסן,
ווי דאָס קינד וואָלט דיר
פון די הענט אַרויסגעפאַלן.
אָבער היינט איז יום טוב.
און דאָס ווייסע סערוועט־טישטעך
וואַרט אויף דיר, אויף דיר.
פאַרוואָס גייסט דו נישט,
מיין פרוי,
צו דער וועש־שאַנק צו?
זי בענקט דאָך נאָך דיר,
די שאַנק קאָן נישט דערהאַלטן
די שפע פון ווייסקייט
אין זיך,
זי וויל אויסשטראַלן
מיט יום־טוב׳דיקער מנוחה,
מיט זעלישער שלוה
באַשיינען דאָס קליינע טישל
גיי, מיין פרוי, גיי צו
מאַך אויף די שאַנק,
זי בענקט דאָך נאָך דיר,
ס׳איז יום־טוב היינט,
ערב יום־טוב מיין פריינט.
געסט וועלן קומען.

— — — — — — —

לייג אַ טישטעך אויף,
באַציר דאָס טישל מיט בלומען

און גרייט די קיכעלעך צו,
וואָס דיינע הענט האָבן
מיט פערעמלעך פון געל־
שמעקנדיקן טייג אויסגעשניטן,
און דו האָסט די פינגער
ביי דער הייסער פאַן געבריט
און איך האָב געלאַכט,
נאָר אַז דו ביסט ברוגז געוואָרן
און האָסט געזאָגט: גיי, גיי,
איך וויל נישט,
וועסט פון מיינע פינגער
שרייבן אַ ליד —
האָב איך דיר די פינגער געקושט
זיי זאָלן זיך גיכער היילן.
ס׳איז יום־טוב היינט,
אייל זיך צו,
געסט וועלן קומען.
— — — — — — — —
— — — — — — — —

די שטוב איז ליידיק
אויפן אָרט פון דער שאַנק
איז אַ ווייסער־פלעק.
אויף דער וואַנט
און אין לופטן איז הענגען געבליבן
דיין אויסגעשטרעקטע האַנט.
דיינע נאַכט־העמדער טייערע
האָבן אונדזערע
אַכטהונדערט־יעריקע שכנים
צוגענומען, צוגענומען.
איך געדענק די העמדער —
טשעכישער וועב
מיטן פראַנצויזישן מאַדעפּעלאַן געפּוצט,
און די קינדער׳ס העמדלעך
מיט ב׳חנטן, כינעזישן גאַלאַניק
זיינען אויך פאַרשוווּנדן.

און מיט דער שאַנק,
מיט דער וועש־שאַנק
האָבן אונדזערע שכנים
פייער אין אויוון געצונדן
— — — — — — —
— — — — — — —
וואָס שטייסט דו אין דער טיר?
ביסט געקומען פון כעלמנאָ —
מאידאנעק מיך דערמאָנען,
אַז יום־טוב איז היינט.
איך וויים עס, דבורה מיין פריינט,
נאָר וואָס שטייסט דו
ווי אַ פרעמדע אין דער טיר?
קום צו מיר, שרעק דיך נישט,
שרעק דיך נישט פאַרן ווייסן
פלעק אויף דער וואַנט,
דערלאַנג די האַנט
און טרעט אַריבער די שוועל,
די שוועל פון אונדזער שטוב,
פון אונדזער שטוב.
אַ! ס'איז קיין שוועל נישטאָ
דערפאַר שלענגלט זיך אַ שמייכל
אין די ווינקלען פון דיין מויל
און ס'ציטערן דיינע ליפּן
און דיינע אויגן זיינען אַראָפּגעלאָזט.
שעמסט זיך?
פאַרוואָס שעמסטו זיך?
ווייל מען האָט דיך
אַזוי שרעקלעך געפּייניקט...
קום, לעג אָן דיין קאָפּ
אויף מיין מידן אַקסל,
ס'וועט אונדז ביידן אַזוי גוט זיין
און אַז איך וועל אַ ציטער טאָן
פון דיינם אַ געקרויזטן לאָק,
וואָס וועט מיין באַק באַרירן

וועסטו מיר אַ קוש געבן,
אַזאַ גליאיקן, אַזאַ, אַזאַ — —
ווייסט דבורה?
היינט איז ערב יום־טוב.
אפשר וועסטו גאָר ליכט צינדן?
צוויי ליכטלעך, קליינע פלעמלעך
וועלן זיי אַזוי ציטערן
אַקעגן רויט־געפאַרבטן מעריב,
נאָך שקיעת־החמה.
בענטש ליכט, פרוי מיינע, מאַמע,
אַזוי האָב איך דיך
אין האַרץ גערופן
אין דערהויבענע מינוטן,
ווען ס'האָבן זיך —
געמישט אונדזערע בלוטן.
בענטש ליכט. בענטש,
און וועסט דיינע איידעלע הענט
איבער די ליכטלעך שפרייטן
און דיינע טרויעריקע
שוואַרץ־סאַמעטענע אויגן פאַרשטעלן,
און די פלעמלעך וועלן
צווישן דיינע פינגער ציטערן.
צינד ליכט, צינד,
צוויי ליכטלעך —
איין ליכטל
פאַר מיין געפייניקטער נשמה
און דאָס צווייטע —
פאַר דיין געפייניקטן גוף.
— — — — — — —
— — — — — — —

אַ נאַקעט טישל בעט זיך:
דעקט מיך צו, און גיט מיר
ווייס שלוה׳דיקע רו —
יום־טוב איז היינט.
מיין פרוי, מיין פריינט,

האָסט אויפֿגעטויכט אין האַרץ
און איך האָב דעקן געוואָלט
דאָס טישל פֿון מײַן שטוב,
האָב איך מיך אין דיר
און אין דער וועש־שאַנק דערמאָנט
און האָב מיך אַזוי
אַזוי שטאַרק צעוויינט.

פעלדאַפינג — עליזאַבעט־שפּיטאָל

1946

# צו דער זונה דייטשלאַנד

הער אויס מיינע רייד זונה!
ווייל אַ זון
פון אַ אומגליקלעך פאָלק רעדט.
אין דיינע חרובע שטעט,
זע איך אונדזער גרויסן בראָך.
אין דיינע חרובע הייזער און פּאַלאַצן,
זע איך מיין צעבראָכן לעבן.
הונדערטער טעג, לויף איך משוגע
אויף דיין בלוטיקער ערד,
מיט אָנגעלאַדענעם פּיין
און ס׳ברענען מיינע טריט
און כ׳זאַפּ אין מיר איין —
דעם טרויער, פון דיין פאַרוויסטונג.
דער אומעט וואָס קוקט אַרויס
דורך די טויטע לעכער
פון דיינע וווינהייזער,
פילט מיך אָן מיט פּיין
מיט נישט דערלייזנדיק געוויין.
איך קאָן מיך נישט פרייען
מיט דיין מפלה,
אַזוי ווי ס׳איז אויסגעלאָשן
ביי מיר די פרייד
פון מיין לעבן.
כ׳האָב געמיינט, כ׳וועל איבערלעבן —

געטאָ, אויסשוויטץ, דאַכאו,
וועט מיין לעבן האָבן אַ ווערט.
ווען דיין מאַכט וועט זיין —
דערנידעריקט, צעשטערט,
אַזוי האָב איך געמיינט
געהאָפט און געוואַרט
און געבליבן אָפגענאַרט.
נישטאָ קיין פרייד,
אַלץ איז פאַרשטערט;
מיר די טרייסט —
און פאַר דיין מפּלה די פרייד
איז מיר נישט באַשערט.
דו אויסגעלאַסנסטע פון אַלע פעלקער!
הער מיינע רייד!
די רוימער זיינען
פון אַ וועלפין געבוירן
און דו, פון אַ משוגענעם שאַקאַל
און אַ קרעציקע הינטיכע־צויג,
געטראָפן זיך אויף אַ מיסט סטויג.
סיפיליטישע זונה!
האָסט פאַרגיפטעט מיין לעבן,
און גערויבט ביי מיין פאָלק די רו,
פאַר וועלכן ס'איז קיין באַצאָלונג נישטאָ.
איך וואָלט דיך שעלטן
איז נאָך אַזאַ קללה נישט פאַראַן,
דעריבער גיי איך אין געשפאַן
פון פיין און לייד,
אָן נקמה; אָן פרייד,
„הערן פאָלק"; האָסטו געוואָלט זיין?!
נישטאָ ווער עס זאָל לאַכן,
אין דיינע חורבות,
באַהעפטן זיך היימלאָזע הינט
און ס'יאָמערן אַרויס די קעץ
און ס'לאַכט פון „הערן פאָלק"
אַ לאַנגגנאָזיקער לץ.

דיינע טעכטער האָבן זיך צומאָרגנס
נאָך דיין געפאַלענער גרויסקייט,
פאַרקויפט פאַר שאָקאָלאַד —
צו ווייסע און נעגער
און פאַר אַ גלאָז ביר.
מיט יעדן געטיילט ס'געלעגער,
איר שמייכלט צו יעדן ייד
וואָס איז ערשט נעכטן געווען
אַ דרעק־זאַק, אַ הונט־שוויין
און וואַשט די אָפּטריטן
פאַר אַ שטיקל ברויט,
קיין אונטערשיד פון קלאַסן,
פון העכסטן ראַנג ביז קליין
אַלע זאָגט איר, איך נאַצי? ניין!
דיין גרויסקייט איז געפאַלן.
מיט די בלאַנקע שווערדן
פון דיינע גענעראַלן,
האָב איך האָלץ געהאַקט
אָפּצוקאָכן, מיין אָרימע זופּ
פון די קאַרטאָפּל וואָס כ'האָב „אָרגאַניזירט"
ביי די רייכע אַמעריקאַנער,
מיינע באַפרייער.
אויסגעלאָשן די לעגענדע
פון דיין „אומבאַזיגבאַרער קראַפט".
נאָר עס ברענט נאָך דיין ערד
און זי קאָכט
פון פאַרגאָסענעם בלוט,
ווי די שטיינער, אויף וועלכע
די ווידערשפּעניקע האָבן געשחטן —
דעם נביא זכריה
און אויף דיין אומווירדיקער ערד
טרעטן מיינע פיס
און יעדער טראָט,
קלאַפּט אויס שפּאָט!
און אין דיין לאַנד

איז מיר באַשערט צו זען
דיין שאַנד,
און אויך דאָס קילט נישט
מיין האַרץ
וואָס ברענט און זידט
אין מיין ליד.
און ווען מען זאָל דיינע קינדער,
צעשמעטערן אויף פעלזן־שטיין
וועט עס אויך נישט
שטילן מיין צער,
און לעשן מיין געוויין.
יעדע טאָכטער דיינע
הייסט, ירמאַ גרעיזער
און יעדער זון קראַמער.
פאַרשאָלטן זאָל זיין
אַלץ וואָס דו האָסט געשאַפן!
דיין מוזיק, דיכטונג און פילאָזאָפיע
איז נאָר מענטשן צו פאַרשקלאַפן
און וואָלטן מיינע קללות געגאָלטן,
וואָלט איך מיך, מיט דיך —
צוזאַמען פאַרשאָלטן.
שטייט אויף! איר מנובלים
הימלער געבעלס און היטלער
און זעט ווי די פיס
פון אונדזערע זין און טעכטער
טאַנצן האָראַס,
אויף אייער „הייליקער" ערד
און הערט ווי דאָס געזאַנג
פון די געראַטעוועטע קינדערלעך,
קלינגט אין אייער „ראַסן ריינער" לופט
און פייגערט נאָך אַמאָל
דו געמיינע זונה!
פאַרשאָלטן זאָל זיין ביזן צענטן דור,
דער, וועלכער וועט דיינע חורבות אויפבויען.
דיינע חרובע שטעט,

זאָלן דיין שאַנד־צייכן זיין
פאַר אַלע צייטן און דורות!
ביז אין טיפע אייביקייטן,
און אַלע ענטפערן, אָמן.

מינכן־גלאַדבאַך — בערגן־בעלז
1945

# געטאָ-ליקווידאַציע

ווען פאַרמאַטערט און מיד,
בין איך שוין געשטאַנען
אויף דער שוועל,
מיט פאַרטריקנטער קעל;
באַלאָדן מיט פעק,
ווי אַן׳אייזל אין יאָך,
דערשלאָגן פון לעצטן בראָך —
און אַ צעפלאַקערטע זון
האָט די אויגן געשטאָכן
מיט רשעות פאַרשייט,
און האָט מיך מיט חוזק
פון שטוב און היים
אויף אייביק באַגלייט —
פון מיין שטוב
פון מיין היים,
וועלכע איז נישט לאַנג
פול געווען מיט —
מענטשלעך פאַרלאַנג —
האָט די פוסטקייט
אויף מיר אַ בלאָז געגעבן
מיט פאַרשווונדן היימיש לעבן.
מיין שטוב וויסט, מיין שטוב לער,
האָט אויסגעפּרעסט פון מיין אויג אַ טרער.

מיין שטוב, מיין היים,
מיין וואַרעמע היים,
זיינען די פּיס
געוואָרן ווי ליים
און די הענט זיינען
שלאַבריק געפאַלן אויף שלאָס,
און אַ האָגל פראַגן
האָבן זיך אויף מיר געשיט
מיט אַ פאַרוואָס?
אַלע כלים אין שטוב
האָבן לשון באַקומען
און זיך געצויגן צו מיר,
ווען כ'בין שוין געשטאַנען
אין דער טיר;
און פון מיטלייד צו זיי —
צו זייער שטומען ווײ,
האָב איך פאַרגעסן אָן מיר
ווי צאָן־ווייטיק פאַרטעמפּט
די יסורים פון אַ געשוויר.
בין איך געשטאַנען שטום
ווי אַ קרבן וואָס אַ כהן
געפינט אין אים אַ מום;
און פון איבערגעלעבטן גרויל
בין איך שטיין געבליבן
מיט אַנ'אָפן מויל,
מיט פאַרשטאַרטער צונג
אין טרוקענער שלונג.
ווי פון די'פּטעריט פאַרברענט,
האָב איך אַראָפּגעלאָזט די הענט
איבערגעטרעטן די שוועל צוריק
און אַ רגע געאָטעמט מיט היימיש גליק.
איז פון האַלדז דערוואָרגן
און פון האַרצן שווער,
געפאַלן אויף ליפּן אַ געזאַלצענע טרער.
הערנדיק די טענות פון קיך־געשיר —

פון אויוון, שאַפע און בעט,
וואָס האָבן געהאַט צו מיר.
די שטוב האָט געזאָגט מיט צער:
— אַז די באַלעבאָסטע איז אַוועק,
איז געבליבן דער האַר.
ס'איז פינצטער געוואָרן די שיין,
מיר זיינען אָבער
פאָרט נישט געווען אַליין.
דו האָסט אונדז באַוויינט אינדערשטיל
און געגלעט מיט געפיל,
ווען דיין פרוי און קינדער
זיינען פאַרשלעפּט געוואָרן
אין דער פרעמד —
האָסטו געשטרייפט מיטן בליק
אירס אַ קלייד, דיין קינדס אַ העמד.
ווען די טיר פון שטוב
האָט אַ סקריפּ געגעבן,
האָט אַ ציטער געטאָן
אין שטוב היימיש לעבן,
דאָס ליידיקע קריגל פון שמאַנט
האָט ברוגז גערעדט פון וואַנט;
— געדענקסט? ביסט געגאַנגען
אויפן גרינעם מאַרק,
און דיין יינגל מיט ברוינע לאָקן,
האָט געקלאַפּט מיטן דעקל
און אַלע איבערגעשראָקן,
ווייל ס'האָט מיין פּוסטקייט
געקלונגען ווי אַ גלעקל,
ביז כ'בין מיט שמאַנט פול געוואָרן
און כ'האָב דעם קלאַנג פאַרלאָרן.
און דאָס בעט איז אַרויס
מיט אַ ביטערע טענה;
— ווּ זיינען די קינדער דיינע
וואָס האָבן זיך געטוליעט
אין וואַרימקייט מיינע,

ווען שניי און שטורעם
האָבן געריסן די פענצטער
ווי בייזע געשפענסטער ?
יעצט אין רעגן, פראָסט און שניי
ווער וועט וואַרעמען זיי?
און די פידל־שייד האָט פינצטער געקוקט
פון וואַנט אַראָפּ,
און טענות געשיט אויף מיין קאָפּ:
דו, לאָזט מיך אַליין,
מיט דערשטיקט פידל־געוויין!
און ערשט נישט לאַנג
האָב איך דיך דערקוויקט
מיט מיין וווּנדערבאַרן קלאַנג,
ווען דו ביסט הונגעריק
געלעגן צו בעט מיט קראַנקן גוף;
און אַז איך האָב דערשפּירט
דיין זונס האַנט, זיין מילדן גלעט,
זיינע פינגער אויף מיין גריף —
האָב איך אויסגעכשופט
דיינע באַליבטע מעלאָדיעס
„ציגיינער וויזע"
און סאַראַסאַטיס „שפּאַנישן טאַנץ".
און דו האָסט מיט פאַרמאַכטע אויגן
אין וויסטן געטאָ, געזען
זוניקע תּבואה פעלדער און —
צעווינטיקטע ציגיינער־טעכטער
אין קאַראַהאָד, מיט בליציקן אויגן גלאַנץ.
ביסט איינגעשלאָפן מיט טרערן
פון זיס־ביטערן פיין
יעצט לאָזט דו מיך אַליין
מיט דערשטיקט פידל־געוויין?
האָבן מיך די טענות גערירט טיף —
און ווי אַ וואַקלדיקע שיף
בין איך אַרויס אין גאַס
מיט אויגן פון טרערן נאַס;

האָט פון הויף און וואַנט
מיר נאָכגעשריגן יעדער שטיין:
העי! ווי לויפסטו?
אין דיין היים בלייב!
הער, און גלייב,
וועסט פאַרוואָגלט ווערן
און וועסט נישט האָבן
ווו אויסצעווייינען דיינע טרערן.
אין דיין היים האָסטו אַ בעט,
אַ קישן און די טרערן
וועסטו זיך אַליין אויסווישן —
נאָר נישט א„נדערפרעמד
שטאַרבן אין אַ פאַרלייזיקט העמד!
און אַז איך בין שוין געווען
אויף דער געטאָ־בריק,
בין איך אָנשטאָט צו גיין פאָרויס —
פלוצלונג געגאַנגען צוריק,
ווייל כ'האָב מיך דערמאָנט
אַז די בוריקעס און מערן,
וואָס כ'האָב פאַרפלאַנצט מיט אייגענע הענט
ווערן פאַרטריקנט, פאַרברענט.
און ווער וועט די רעטעכלעך,
פאַסאָליעס, שפינאַט און סאַלאַט
מיט וואַסער מאַכן זאַט?
בין איך ביים גערטל געשטאַנען
און געזען ווי די בלעטער
פון אוגערקע און קרויט,
אָטעמען מיט טויט;
און דער ווינט, מיט אַ לאָדן
פון פוסטער שטוב קלאַפּט —
האָט מיך דער אָטעם פאַרכאַפּט,
און אַז צו מיינע פיס
האָט זיך פאַרוואַלגערט
מיין מאַמעס „חיי־אדם” אויף עברי־טייטש,
צעטראָטן מיט בלאָטע פון אַ געשטאַפּאָ־דייטש,

און די בלעטלעך האָט געמישט דער ווינט —.
האָב איך מיך צעוויינט ווי אַ קינד,
און מיט געבראָכענע קני,
דערשלאָגן פֿאַר שרעק,
בין איך פֿון מיין הויף, פֿון מיין שטוב
אויף אייביק אַוועק.

ליטצמאַנשטאַט־געטאָ 1944
בערגן־בעלזן 1945

# איך וואַרט אויף דיר

איך וואַרט אויף דיר —
אין פאַרגלושעטן יאָמער
פון טויבע נעכט.
עס רייסט דער ווינט
די בלעכן פון דאַך,
און ס'קלאַפּט דער רעגן
דיין נאָמען אויס
מיט געהיימער שפּראַך.

— — — — — — —

ס'האָט די הילצערנע טרעפּ
פון לאַנגוויל אַ סקריפּ געגעבן
און אויפגעוועקט אין מיר
אַ שטיק פאַרגאַנגען לעבן.
אַזוי האָסטו
אַמאָל געוואַרט אויף מיר
אין נעכט טויבע,
פון שטורעם צעריסענע,
ווען דאַך־בלעכן
האָבן איבער דיין קאָפּ
געקלאַפּט אין נאַכט־שוואַרץ
אין ריטמישן טאַקט
פון דיין פאַרבענקט האַרץ.
און איך האָב דיך
מיט בלינדע פינגער געזוכט

אין אַ פרעמד לאַנד,
און דו, אַ יתומה, איינזאַם
האָסט געוואַרט אויף מיר . . .
אין פינצטערע נעכט
האָסטו מיך
אין כאַשכעס געזוכט.
אין ליכטיקע טעג,
אין בלענד פון דער זון,
ביי פאַלענדע שטערן
דיין גורל געפרעגט,
ביי ציגיינערקעס
אויף פאַלשן ענטפער
מיט האַרצקלאַפן געוואַרט —
יידישע טאָכטער!
פאַרוואָס איז דיין מזל פאַרפירעריש
ווי גלי־ווערים איבער זומפן,
ווי כשוף פעדים
אין האַרבסטיקע טעג,
וואָס ווערן אויף דערנער צעדריווולט,
ווי לבנה שטראַלן,
וואָס צערינען אויף וואַסער־שפיגלען
אין ווייסע אלול־נעכט?
וויפל פולע לבנות
מיט קרומען יהושע־בן־נון פנים
האָבן געלאַכט פון דיין פרומען צער,
וויפל קעץ האָבן געמיאַוקעט:
ביזט אַ מיידל אַ נאַר!
וואַרטסט אויף דיין ייִנגל?
כאַ־כאַ־כאַ־! . . .
ער איז צווישן מענטשן געגאַנגען,
לערנען חכמה אין דער פרעמד,
און צו דער מאַמען
וועט ער ערשט קומען נאָך אַ העמד.
נאָר אייביק וועסטו זיך
מיט דיינע צעפ שפילן,

און נוקן דאָס לידל:
„זאָג אים אַז כ׳בין אַליין,
עלנט ווי אַ שטיין,
ווייטער זאָג גאָרנישט,
ער וועט שוין פאַרשטיין״.
און האָסט געוואַרט און געזונגען,
געזונגען און געוואַרט,
און נישט געבליבן אָפּגענאַרט.
אומעט און בענקשאַפט (צו דיר)
אין פרעמדן לאַנד,
האָט מיך געטריבן צו דיר צוריק —
און איך האָב אין דיין שטעטל
געטראָפן מיין מיידל, מיין גליק,
פאַר דיין הויז האָט זיך
אין האַרבסט צו מיין קומען פלוצלונג
אַ צווייגל פון אַקאַציע צעבליט,
און אין דיין זיידנס שטוב
ביזטו געזעסן מיט פייכטע צעפּ,
ערב יום־טוב׳דיק
מיט יונג־פרויישן געמיט.
דו! פון לידער דאָס שענסטע ליד,
אַ פאַרבענקטער ערב־יום כיפּור
איז געווען אַזאַ,
אין שולן, וואָס זיינען שוין
חרוב און פאַרברענט,
האָבן אונדזערע טאַטע־מאַמע
אויף שלעכטע גזרות געקלאָגט
און דער חזן האָט יאָמערלעך
כל נדרי געזאָגט.
צי האָב איך דאַן געאַנט,
אַז מיין געליבטע וועט ווערן פאַרברענט?
כ׳האָב מיט טרערן דיר געקושט די הענט
און פאַרגעבונג ביי דיר געבעטן.
כ׳האָב מיט רחמים געגליט
און ביי דיינע פיס געקניט.

האָסטו אין דיין מאַמעס הויז
גענומען מיין קאָפּ אין שויס
און דיינע לייטזעליקע טרערן
האָבן געוואַשן מיין קאָפּ,
ווי וואַרעמע רעגן־טראָפּן אין מאַי,
ווען טרוקן גראָז בענקט נאָך זיי.

— — — — — — — — —

איצט וואַרט איך אויף דיר —
אין פאַרגלושעטן יאָמער
פון טויבע נעכט.
עס רייסט דער ווינט די בלעכן פון דאַך
און ס׳קלאַפּט דער רעגן
דיין נאָמען אויס
מיט געהיימער שפּראַך.

ליטצמאַנשטאַט - געטאָ
194[illegible]

פעלדאַפינג, עליזאַבעט־שפּיטאַל
1946

# אַזוי וועט עס זיין

און ס׳דוכט זיך אַמאָל,
אַז אויפמאַכן וועט עמיץ די טיר,
און דער עמיץ וועט זיין
אַ געליבטע פאַרגעסן שוין לאַנג
נאָר איך וויל פּלוצלינג דערהערן
איר זינגענדיקן גאַנג
אויף מיינע טרעפּ —
און דערזען אין טיר־לען
איר פּנים געהילט אין קרעפּ...
זי וועט זיך זעצן מיד —
און אירע גלידער דורכן קלייד שוואַרץ
וועלן וויינען מיט מיין ליד.
זי וועט ברעכן אירע פינגער
אין די געלענקן,
און אירע ליפּן פרעפּלען
וועלן מיין נאָמען,
און יזכורדיק גערענקען.
דער שפּיגל וועט פאַרהאָנגען זיין
און אַ לעצטער זון־שטראַל וועט ציטערן
צום געזאַנג פון אַ גריל,
וואָס וועט אויסגרילן אַן „אל מלא"
לזכר מיין געביין;
און אין אַ ווינקל פון שטוב
וועל איך אין דעמער־שיין
לייענען מיינס אַ ליד מיטן נאָמען:
„אַזוי וועט עס זיין".

ליטצמאַנשטאָט - געטאָ
1944

# און אַז מיין קינד וועט מיך פרעגן

און אַז מיין קינד וועט מיך פרעגן:
מאַמע! —
אויף וועלכע וועגן
איז מיין מאַמע געגאַנגען?
— מיין קינד! וועל איך זאָגן,
אַז דו וועסט בלאָנדזשן מיט דיין צער
און וועסט הערן
אַ פעלד־בלימל קלאָגן —
זיי וויסן, אַז דאָרטן
איז דיין מאַמע געגאַנגען.
און אַז מיין קינד וועט מיך פרעגן:
מאַמע!
אויף וועלכע וועגן
איז מיין מאַמע געגאַנגען? —
וועל איך אויסמיידן זיין בליק
און ער וועט פאַרשטיין,
אַז ווו ער וועט הערן
אַ קוסט ביים וועג
פאַרגייט אין געוויין —
דאָרט איז זיין מאַמע געגאַנגען.
און אַז מיין האַרץ וועט מיך פרעגן:
אויף וועלכע וועגן
איז די מאַמע פון דיינע קינדער געגאַנגען?
ווער וועט אַן ענטפער געבן? —
דער הילך פון אַ שאָס...

דער דומפּער קול
פון אַ טיפן גרוב ?...
אָדער דער עכאָ
פון מיין חרובֿ'ער שטוב ?...

— — — — — — — — —

און אפשר וועט דער ווינט
אינדרויסן אַ כליפּע טאָן:
עלנט קינד מיינס,
איך זוך שוין לאַנג
דעם לעצטן קלאַנג
פון די וועגן
אויף וועלכע ס'האָבן געגליט
ד י י ן מאַמעס לעצטע טריט.

פעלדאַפינג — עליזאַבעט־שפּיטאָל

1945

# אויף אָקעאַנען שטילע

וויגן זיך, וויגן
אונטער כוואַליעס ניגון
אויף אָקעאַנען שטילע
פול מיט צער טיפן
בלאָנדזשענדיקע שיפן . . .
מיט הערצער אָנגעלאָדן
פול פיין און באַנג
און גיסן זיך איבער
מיט לירישן געזאַנג;
טויבע חצותן וויינען
אויף וועלטן אונטערגאַנגען
און ס׳יאָמערן געזאַנגען
ווי קעץ אין אדרדיק באַגערן
און אויף בראָכן אוןדזערע
טריפן הימלען טרערן
מיט פאַלנדיקע שטערן.

סט. אָטיליען
מאַי 1946

# נישט פֿאַרגעסן

„געטאָ! נישט פֿאַרגעסן וועל איך קיינמאָל דיך"
האָט דער דיכטער זיין ליד
אויפֿן אָוונט געלייענט,
און געשפּילט האָט די פֿידל
מיט טרויעריק געמיט
און איך האָב געוויינט...
ווי קאָן איך פֿאַרגעסן
מיין פֿרוי — מיין פֿריינט ?
דו און געטאָ — איר וועט מיך באַגלייטן
אין וועלטעשע וויטן
אויף אייביקע צייטן.
איר האָט זיך אין בלוט מיינס
אויף שטענדיק פֿאַרטרונקען ;
איר זייט אין מיין האַרצן
אויף אייביק פֿאַרזונקען.
קאָן מען דען געטאָ
אַמאָל דיך פֿאַרגעסן ?
נעכט נישט דערשלאָפֿן,
טעג נישט דערעסן,
אינדערפֿרי צו דער אַרבעט
מיט אַ ליידיקן מאָגן,
מיט בשורות און נייעס
עס זאָל דער טאָג נישט באַטאָגן.
ביינאַכט פֿון דער אַרבעט
אין אַ ליידיקע שטוב,

וואָס דערמאָנט אָן אַ קבר,
אַ טויט־שטילע גרוב...
„געטאָ! נישט פאַרגעסן וועל איך קיינמאָל דיך"
האָט דער דיכטער זיין ליד
אויפן אָוונט געלייענט,
און געשפּילט האָט די פידל
מיט טרויעריק געמיט,
און איך האָב געוויינט.

# איך וואַרט נאָך אויף דיר

איך וואַרט נאָך אויף דיר,
און אַלע וועגן צו וואָקזאַלן
קושן די טריט פון מיינע פיס.
ס׳לויפט אַ צוג מיט פאַרבענקטן פייף.
פון אַ פענצטער קוקט אַרויס אַ פרוי,
און טרויער פאַרצאָגט אַזוי.
איך צי אויס צו איר די הענט,
מיט אַ פריידיקן־אוי,
איר בליק, ווי אַ פראַגע צייכן
מיט פרעפלדיק פרעגן
אין פוסטן חלל:
עמיץ וואַרט אויף מיר?
יאָ, שריי איך אין רעדערדיקן טומל —
איך וואַרט אויף דיר,
דו האָסט עס דאָך געזאָלט זיין!
נאָר דער צוג לויפט פאַרביי
מיט אימפעטיקן באַן־געוויין,
און צעדריוולט ווערט
דער עכאָ פון מיין „אוי"
אין צוג־ווינטיקן געשריי.
אַן אויגנבליק דוכט זיך מיר
אַז דו ביסט עס פאָרט
נאָר דו ווייסט נישט
ווו אויסצושטייגן, אויף וועלכן אָרט.
איך רוף דעם מאַן מיטן רויטן היטל,

און בעט אים מיט טרערן:
פאַרהאַלט די באַן שנעל,
זי פירט מיין פרוי־געזעל.
הער דייטש: שריי איך צו אים —
שטעל אָפּ דעם צוג!
באַקומסט ציגאַרעטן, פּאַפּיראָסן.
דער דייטש קוקט מיך אָן טעמפּ:
וואָס וויל פון אים דער מענטש?
עפּיס אַ וואַגאַבונד, אַ טרעמפּ —
„לאַסן זי צורו”, ענטפערט ער מיר.
— עס האָט קיין צוועק,
אירע פרוי איז אין כעלמנאָ
לעבנדיק בעגראָבן וואָרדן
געל! עס נוצן יאַ ניכט
אירע ציגאַרעטן.
— — — — — — — —
אין מיינע הענט צאַפּלט אַ גאָרגל,
און ס'שאָקלט זיך אַ רויט היטל,
דו! דו ביסט דער מערדער!
און אַן עכאָ ענטפערט פון טיפער נאַכט —
„איך וואַר קיין נאַצי,
בלאָס צאַלענד אין דער פּאַרטיי,
און וואַר ניכט דאַבײַ”.

בײַערן 1945

# סעלעקציע

ווען דער לעצטער יאָמער
פון מאַמישע ברוסטן
האָבן צו הימלען זיך געריסן,
ווי דאָס געוואָי פון הינטיכעס,
וואָס וויינען מיט מענטשלעכן צער
אַקעגן פאַרשעמטער לבנה
ווען זייערע הינטלעך טרינקן זיך
אין הינטערשטאָטישן זומפּ —
דאַמאָלט בין איך מיט דיר
געשטאַנען אין דער ריי.
אין לופטן האָט זיך געדריוולט
פאַרביטערט מאַמע־געשריי,
און אויפן ניקל־רענדל
פון דיין האַנט־טאַש
איז מיין פאַרבלאָנדזשעטער
בליק געפאַלן,
וואָס האָט זיך געשמאָלצן
אין די ערשטע שטראַלן
פון אַ פרי־האַרבסטיקער זון.
כ'האָב נאָך דאַן נישט געאַנט
אַז עס לייטזעליקט מיך
דיין סאַמעט אויג
מיטן לעצטן גלעט.
אַנטקעגן אין שטוב אונדזער
וואָס האָט נאָך געאָטעמט,

מיט וואַרעמער היים,
האָט געוויינט דיין בעט,
און כ'האָב אין דער שטיל געכאַפּט
דעם פּרעפּל פון דיינע ליפּן:
„זע, ווי ס'קינד איז בלאַס“
און דיין לעצט וואָרט — קינד —
בליט נאָך אין מיין האַרץ,
ווי זאָמען, וואָס פאַרטראָגט
פון ווייטן דער ווינט.
אַ מינוט ביסטו געבליבן שטיין,
כ'האָב געזען דיינע אויגן —
פאַרגלאָזטע מיט געוויין,
באַהויכט מיט טרערן־קריסטאָל,
ביים ראַנד פון טויטן־טאָל.
און נישט געזעגנט —
האָב איך דיך אפילו
מיט וואַרעמען קוש אויף שטערן,
ווי אַ לעצטע תּפילה
אָנגעזאַפּט מיט טרערן
און דיין צאַרטע האַנט
איז אין מיינע נישט געלעגן;
און ווו ביסטו אַוועק,
ווער וועט מיר זאָגן?
וועמען וועל איך פרעגן?
האָסט זיך דערווייטערט
מיט דיין שוועבנדיקן גאַנג,
מיט אויפגעשוידערטן ציטער
ווי די לעצטע זאַנג,
ווען ס'קלינגט אין פעלד די קאָסע
אין האַנט פון שניטער.
אַ שטיין, וואָס כ'האָב פאַלנדיק
באַנעצט מיט טרערן,
האָט מיך נישט געטרייסט
און נישט געענטפערט מיר
וווהין דו גייסט.

איִן אָוונט, אופן בעט
האָט אויסגעשטערנטער הימל —
דורכן פענצטער, פון מיר געשפּעט.
ווייל מיט דיר, פריינט,
איז אַוועק דער כשוף פון נעכטן,
און ס׳פינצטערט דער היינט.

ליצמאַנשטאַט־געטאָ 1942
פעלדאַפינג 1946

# אויף די חורבות

חרוב איז מיין וועלט,
פאַרלאָשן דאָס פייער
פון מיין וואַרעם געצעלט.
די וועלט,
וואָס איך האָב געבויט און געשטעלט
מיט מי און מוט,
מיט אייגן בלוט
האָט עמיץ מיט רויבערישע הענט — פאַרבּרענט.
חרוב איז מיין וועלט,
וואָס איך האָב געבויט און געשטעלט
מיט די געוואַגסטע פאַנטאַזיעס און חלומות,
פון די העכסטע הויכן און טיפסטע תהומות.
און דו ווייסט, וואָס הייסט
אויסבויען אַ וועלט?
אַן אייגענע נעסט
פון בלוט אויסגעפּרעסט?
דעם, וואָס מען האָט נישט געצערטלט אַלס קינד,
צו וועם ס׳מזל איז געוועזן בּלינד,
וועמענס יוגנט איז אַוועק אין שטורעם־ווינט,
ווער ס׳איז אין לעבן געגאַנגען
דורך לייד און קאַמף,
דורך ווייטיקדיקן קראַמף,
דער ווייסט, וואָס הייסט
אויסחלומען אַ וועלט.
האָב איך מיין וועלט

מיט אברים און אָדערן
פון מיין גוף געשטעלט.
הימלען — דאָס ליכט פון מיינע אויגן
און פון דער נשמה געצויגן.
דאָס גאַנצע לעבן אַוועקגעגעבן,
ציגל געשלעפּט, ליים געקנאָטן,
נאָר אַ בייזער גייסט
האָט מיין וועלט צעטראָטן;
— — — — — — — — — —
לאַנג, שוין לאַנג איז פאַרשוווּנדן
די גליקלעכע צייט,
עס ברענגט בלויז דער געדאַנק
אַן עכאָ, פון ווייטער ווייט;
און דער ווינט אַן אָפּקלאַנג פון אַמאָל,
ווען מיר האָבן שפּאַצירט
אין שטילקייט פון טאָל
איבער לאָנקעס זאַפטיקע
אין לויטערן באַגין,
ווען ס׳שפּיגלט זיך דער טוי
אין פרימאָרגנדיקן זון,
צווישן זאַנגען פון קאָרן
פאַרנומען גאָט׳ס שטים —
דאָס רוישן פון וואַלד
פון גראָזן אַ געבעט פרום.
די לבנה, וואָס האָט אַמאָל
געשמייכלט צו אונדזער גליק,
האָט דערשפּירט דעם ריח
פון געבראָטן מענטשן־פלייש
איבער די קוימענס פון אונדזערע תפיסות;
האָט זי זיך צעוויינט
און פון וויינען
זיינען איר די אויגן אויסגערונען
היינגט זי איצט די לבנה אַ בלינדע
אין שטאָק־פינצטערן הימל.
די זון, וועלכע איז

אין בלוי־ווײדענע הימלען געהאַנגען,
איז פאַרלאָשן געוואָרן,
די שטערן זײַנען אַרויסגעפאַלן פון שרעק,
ווײַל אונדזער בלוט און פלײש
איז מיט פײַער און רויך אַוועק.
קום, מײַן פרוי, קום, געליבטע!
מיר וועלן אויף די חורבות
פון אונדזער אונטערגעגאַנגענער וועלט טאַנצן.
כאָטש דו ביסט שוין לאַנג
אויף דער וועלט נישטאָ
און מײַנע האָר זײַנען
שוין באַשפּריצט מיט גראָ,
און איך לעב נאָר
דײַן אָנדענק צו האַלטן טײַער
און צו זײַן דער היטער
פון הייליקן פײַער.
פון אונדזער פרײַנדשאַפט און ליבע
אין מײַנע לעצטע טעג די טריבע.
און כאָטש ס׳איז שוין פאַרשוווּנדן לאַנג
פון דײַנע טריט דער לעצטער קלאַנג,
גײ איך פון בענקשאַפט אויס נאָך דיר
און ס׳איז מיר פײַנלעך־באַנג.
דערפאַר לאַד איך דיך צום טאַנץ:
איך וועל באַצירן דײַן קאָפּ
מיט אַ ווײַסן רויזן־קראַנץ;
אויך וועל דיך אויפרופן
אין דער חרובער שול נאָך חצות,
ווען עס הענגט שטאַר און טויט
אויפן פּאָליש דאָס פאַרזשאַווערטע שלאָס,
ווען ייִדן גנבענען זיך
פאַרביי שול אין דער שטיל,
דאָרט ווו די תוכחה
איז געלייענט געוואָרן מיטן טראָפּ
און וועלכע האָט זיך אויסגעגאָסן
טויזנטפאַכיק אויף אונדזער קאָפּ,

דאָרט וועל איך דיך נעמען אונטערן אָרים
צאַרט, מיט געפיל.
איך וועל אַ באַפעל געבן:
„מאַרשאַלעק, זינג!"
„אָרקעסטער שפּיל!"
זאָל דאָס האַרץ 'צוגיין
פון פידל געוויין.
און דו, מיין געליבטע, קום,
נאָך איינמאָל טייערע
דיין צאַרטע האַנט דערלאַנג,
נאָך איינמאָל וויל איך הערן
דורך געלעכטער און טרערן
פון מיין נאָמען דעם קלאַנג.

— — — — — — — — —

איך הער ווי דו זאָגסט:
„ווי אַזוי קאָן איך קומען,
אַז מען האָט מיך פאַרבּרענט
און מיין אַש
אויף דער גאַנצער וועלט
איז צעשפּרייט,
און דער וועג צו דיר
איז אַזוי ווייט,
און מיט שטעכל־דראָט
איז די געטאָ פאַרשטעלט."
איך ווייס טייערע,
אַז דו ביזט פאַרבּרענט,
די רוצחים האָבן מיליאָנען
פון אונדזער פאָלק פאַרלענדט,
מאַמעס און קינדער
געשאָכטן ווי רינדער,
זקנים און טעכטער
שפּאָטיש געשענדט.
און אפשר בּין איך שולדיק
אין דיין נישט זיין?
און אייביק וועט מיין האַרץ

זיין פאַרלאָפן מיט געוויין,
מיין אויסגעטראַכטע זינד
קאָן איך נישט פאַרגעסן,
דערפאַר איז מיר ס׳לעבן
איבעריק און דערעסן.
נאָר ווייס טייערע, ווייס,
אַז איך זע דיך אין יעדן גרעזל און בוים,
אויף דער וואָר און אין טרוים,
אין ערשט־געפאַלענעם שניי,
און אין זאַנפטן מאָרגן־טוי
זע איך דיך כלה מיין און פרוי.
אויך אין פרעמדן לאַנד
גיי איך מיט דיר געאָרעמט
אין דער רעכטער האַנט,
און דו ביי מיין זייט,
ווי שטענדיק קעניגלעך־שטאָלץ,
מיט רויק געמיט
ווי אַ האַרציק פאַרבענקט ליד.
נאָך איינמאָל דיך האַלטן נאָענט
צו מיין האַרץ
וואָס פלאַטערט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטע טויב
אין פינצטערע נאַכט־שוואַרץ,
וואָס געפינט נישט קיין רו
אין צאַפלענדיקן פלי.
און זיי ווייסן,
אַז די דראָטן פון געטאָ
זיינען לאַנג שוין צעריסן,
און אַז דער שונא
האָט אונדזער שטוב צעשטערט
און מיט פייער און שווערד
אונדז פון דער געטאָ אויסגעקערט.
און איך מיט דיינע קינדער
ריכטן אָפּ גלות
אויף פרעמדער ערד —
אין שונא׳ס לאַנד,

ווו מיר זיינען געוועזן
און זיינען נאָך
צו שפּאָט צו שאַנד.
איצט, גיב דיין האַנד!
די קלעזמאָרים זיינען גרייט,
דאָס האַרץ פון בענקשאַפט צוגייט
און ס׳שפּילט
אַזוי האַרציק־טרויעריק די פליט.
קום, אין וויס־זיידענעם קלייד,
מיט כלה־חן און לייד,
געליבטע, פרוי און ווייב.
דו, וואָס האָסט מיר אָנטפּלעקט
דיין צנועה׳דיק מיידל־לייב,
ביסט געוועזן פאַר מיר אַלץ.
קום, אין די טריט פון וואַלס,
איך וועל פון דיינע אויגן
דעם טרויער מיט קושן אויסזויגן,
מיר וועלן אויסטאַנצן
אונטער די קלאַנגען פון „דזשעז“
אונדזער נישט־אויסגעלעבט לעבן,
אונדזערע צעבראָכענע פאַרלאַנגען און שטרעבן;
און אויסזיפצן וועט דער סאַקסאָפאָן
דאָס געוויין פון דזשונגל;
און די פליט אַריינאָמערן וועט
אין אונדזער געמיט
איר כשוף׳דיק ליד.
קום, ביסט פאַרבעטן צום טאַנץ!
ערשטע פידל, שפּיל!
פיר! דיריגיר דעם אָרקעסטער מיט געפיל!
קרעכץ אויס וויליאָנטשעל אונדזער וויי!
קינדיק קלאַרנעט אונדזער דערשטיקט געשריי!
צימבל, פויק, קלאַפּ צום טאַקט!
נישטאָ קיין וועג
אויפן לעבנס־טראַקט.
נעם אַרום מיין האַלדז,

נשמה מיין און האַרץ.
שוועבן מיר אין וואַלס
אָט אַזוי, אַזוי,
איך מיט מיין טויטער פרוי:
איינס, צוויי, דריי,
איינס, צוויי, דריי,
ווירבלען מיר אין טאַנץ,
מיט פייערדיקן קראַנץ;
ציטערט אַזוי דאָס האַרץ
אונטער מאַנטל־שוואַרץ,
איינס, צוויי, דריי,
איינס, צוויי, דריי,
ס׳שווינדלט שוין אין קאָפּ
הפקר, הפקר, האָפּ
איינס, צוויי, דריי,
איינס, צוויי, דריי,
שוין ביסטו מיד,
ס׳הערט באַלד אויף דאָס ליד,
דיין קאָפּ אויף אַקסל לייג,
שוייג פידל, שווייג!
טאַ — טאַ — טאַטאַ,
טאַ — טאַ — טאַטאַ.
ס׳פאַלט דער קאָפּ אין שויס,
ס׳גייען די כחות אויס;
אָך! צו לעבן שווער,
ס׳ברימ אַ הייסע טרער.
קלעזמאָרים זיינען מיד,
ס׳רייסט זיך איבער ס׳ליד...

— — — — — — — — — — —

אַ דאַנק דיר, אַ דאַנק
פאַרן לעצטן געשאַנק
כלה מיינע און פרוי;
ס׳איז געשעען אַזוי,
נאָר גייסט באַלד צוריק
אין דיין רו.

אומזיסט געווען מיין מי —
הערסט דעם האָנען־קריי ?
ס,קומט אַ טאָג אויפסניי ;
נישט מיינער איז דער טאָג,
איך בין פול מיט קלאָג,
איך בין פול מיט וויי,
מיט דערשטיקט געשריי.
שווער צו לעבן מער,
ס׳ווערגט אין האַלדז אַ טרער.
ס׳איז די פרייד שוין אויס,
געווען אַ חלום בלויז;
אַ חלום שיין און ווערט,
נאָר נישט געווען באַשערט —
אַ מערדערישע האַנט
האָט אים ברוטאַל צעשטערט.

ליטצמאַנשטאַט - געטאָ
אלול 1944

סאַנאַטאָריום גערעטסריד
אלול 1945

# בקאָן מער נשיט

בקאָן מער נישט ציקלען און צאַצקן
דאָס געשריעבענע וואָרט,
ווייל ווילד און צעשויבערט
איז מיין געמיט,
פאַרוויזנדעט דאָס האַרץ
און טיף דער שניט
דער שניט אין מיין לייב.
מען האָט מיין מאַמע פאַרברענט
מיט כלארעק באַגאָסן מיין ווייב.
ווי אַזוי קאָן איך ציקלן
דאָס ליד
און צאצקען דאָס וואָרט
אַז יעדער טריט און יעדער אָרט
דערמאָנט אָן אויגן ווילד צעשראָקן
וואָס אַנטלויפן פון טויט
און ווערן געכאפט ווי מייז
אין קעלערן,
צעפרעסן פון ווערים און לייז;
אָדער לעבן אַ לעבן
געשאָנקן פון פיינט,
מיט אַ דערמאָרדעטן נעכטן
און אַ דערוואָגענעם היינט
דערפאַר איז טיף
אין מיין לייב דער שניט,
אויף נישט פאַרהיילטן

רוי־פלייש
איז גיפטיק זאַלץ געשיט
און איך טראָג אַ שטיק
פאַרראָסט אייזן אין בלוט.
ניין! כקאָן מער נישט
ציקלען מיין ליד,
ווייל ווילד און צעשויבערט
איז מיין געמיט.

# צו די שבטים פון ישראל

צו די שבטים פון ישראל
צעשיקט האָב איך דאָס לייב
פון מאַמע, ברודער און ווייב,
צעשניטן אויף צוועלף שטיק.
מיינע לענדן פאַרגאָרטלט
מיט אַ פלאַקסענע שטריק,
איין גאַפּל אַש, האָב איך געשיט
אויף מיין קאָפּ האַלב גרויען,
דעם צווייטן
אין הימל דעם בלויען
און האָב מיך שבֿעה געזעצט
אויף די חורבות
פון מיין פאָלק.

# אָרעם יידיש!

אָרעם יידיש לשון,
איך פיל דיין צער,
מיינע אויגן זיינען פול געוויין,
ווייל דיינע מערדער
זיינען מיר אַליין.
אָרעם יידיש לשון,
איך פיל דיין צער,
אויך דו ביסט פאַרברענט געוואָרן
און אויסגעגאַנגען מיט אַ שמע —
מיטן לעצטן געשריי —
איך ווער דערשטיקט, אוי מאַמאַ!
אין די פאַרהאַקטע גאַז־קאַמערן,
ווען אונדזערע מאַמעס און פרויען
האָבן צוגעטוליעט די קינדער,
און אונדזערע קינדער
האָבן זיך איינגעקנאָטן,
איינגענאָגלט אין נאַקעטן לייב
פון זייערע מאַמעס ביז בלוט
אויסצושיסן דעם לעצטן „אוי"
פון די אָנגעבלאָזענע גופים,
איז אויף זייערע ליפן הענגען געבליבן
ווי גליווער, ס'געוויסן פון דער וועלט
און אַ שפּאָט אין די ווינקלען
פון זייער מויל,
און אַן אָרור אויפן טמא־קנויל;

אויף ריין מאַמע־לשון.
אָרעם יידיש־קודש!
(ווי עס רופט דיך די דיכטערין קאַדיע)
ווען אונדזערע באָבעס
האָבן מיט צאַרטע פינגער
זייערע טרויעריקע אויגן פאַרשטעלט
ביי די הייליקע שבת־ליכט
און געפּרעפּלט ווי חנה אין שילה־משכן,
אויסגעטאָן פון וואָכנדיקע זאָרגן
זייערע האַרציקע תחינות
אויף לשון יידיש —
„הייליקער גאָט, דערבאַרם דיך
אויף דיין פאָלק,
און גיב נישט איבער אונדזערע קינדער
אין גוי'שע הענט.“
אָרעם יידיש לשון, —
דו געפּייניקטע, געשענדעטע,
מיט מיינע פאַרגוואַלטיקטע שוועסטער
פון טמא אַכזריות'דיקע גוים.
הייליקע נשמות פון יידיש לשון,
(יעדעס יידישע אות האָט אַ נשמה)
דיינע דיכטער, אָרעם יידיש,
האָבן געזאַמלט דיינע קרישטאָלענע טרערן
אין זייערע האַרץ־לאָגלען.
נאָר זייערע הערצער האָבן געפּלאַצט
אין די פאַשיסטישע גאַז־קאַמערן.
איר לאָגלען פון יידישן וואָרט,
פון יידישע טרערן,
איר זייט דאָך זיכער אַריין
אין דער פּורטקע פון גן־עדן.
אַזאַ געפּלאַצטן לאָגל האָט זיכער
דאָס פאַרבלאָנדזשעטע נשמה'לע
פון פּרצ'ס דריי מתנות געכאַפּט
(ס'קאָן נאָך זיין
אַ מער אויסטערלישע מתנה?)

מיט זיך דאָרט אין הימל.
איר געפּלאַצטע לאָגלען,
אויסגערונענע אין פייער,
פון אונדזערע מאַמעס תחינות,
פון זייערע זינ׳ס רעוואָלוציאָנערע לידער,
פון שרה בת־טובים׳ס טרערן.
מיט זיך דאָרט נשמה׳לעך,
אַז מען זאָל דעם לעצטן פונק
פון יידיש־קודש נישט אויסלעשן.
דאָס יידישע לשון
פון די לעצטע געבליבענע קינדער
נישט אויסראָטן.
אָרעם יידיש!

בערגן־בעלזן
1945

# כהאָב געזען אַ שטוב פֿאַרגאָסן מיט זון

כהאָב געזען אַ שטוב פֿאַרגאָסן מיט זון
און אַ פֿרוי אין געבלימלטן שלאָפֿראָק
מיט שלאָף אויף די ברעמען,
האָט פֿון אַ קרוג אַ ווייסן
איינגעגאָסן, אַ פֿרימאָרגן־געטראַנק;
איר מאַן,
ער איז געזעסן ביים טיש
זאַט מיט פֿרוי, זאַט מיט ווייב,
נאָר דורשטיק נאָך איר לייב —
האָט ער נאַריש פֿאַרלעגן געשמייכלט
און אירע אויגן בלויע
ווי פֿראַכט פֿון אַ היכל
האָבן אים געגלעט
עס האָט געשמעקט אין שטוב
די וואַרמקייט פֿון בעט.

— — — — — — — — — —

כהאָב געזען אונדזער שטוב פֿאַרגאָסן מיט זון
און דו ביסט פֿאַרן שפּיגל געשטאַנען,
אַז איך בין אין שטוב אַריין
האָסטו אַ שמייכל געגעבן,
אַזוי זיך אַ שמייכל, אָן מיין,
נאָר מיך האָט פֿאַרכאַפּט פּלוצלונג —
ביים האַרץ און געשטיקט געוויין.
האָב איך אויסגעצויגן די הענט
ווי צווייגן אין פֿרילינגדיק באַגערן;

צו דיר, מיט אַרויסגעשאָסענע טרערן,
האָב איך דיך שוין נישט געטראָפֿן.
טראַכט איך: ביסט דאָך ערשט געווען,
האָב איך אויסגעריבן די אויגן
געמיינט דיך בעסער צו זען
איז ביי מיר שטיין געבליבן ס'האַרץ,
ווייל אָנשטאָט דיך —
האָב איך דערזען אַז דער שפּיגל
איז פֿאַרהאָנגען מיט שוואַרץ
און אַ פּיסנבענקעלע איז געשטאַנען אַ קליין
אַז מענטשן וואָס וועלן קומען און גיין,
זאָלן מיך מנחם אבל זיין;
האָב איך מיך שבעה געזעצט.
דערמאָן איך זיך, אַז מען האָט
אין מיין מאַנטל קיין קריעה נישט געריסן,
קיין לויה איז נישט געווען,
נאָך קיין ארון בין איך —
נישט געגאַנגען;
האָב איך שוין גאָרנישט פֿאַרשטאַנען.
פֿון ווען זיצט מען דאָס שבעה
אַז מען הערט נישט
אַ שטיק ערד אין אַ קבר
קלינגען טויב,
און מען רייסט נישט אויס
אַ הויפֿן גראָז און מען וואַרפֿט אויף צוריק,
און עס קלאָגט נישט אַ קדיש יתום
אין בית עולם גראָז?
כהאָב זיך געבראָכן דעם קאָפּ, פֿאַרוואָס?
האָב איך תפילה געטאָן,
געבעטן שטיל,
אַזוי, בלויז מיט די ליפּן געפּרעפּלט
ווי חנה אין שילה־משכן.
שטום אָן רייד,
און האָב מיך אַליין געפֿרעגט;
איז עס חלום אָדער וואָר?

ווער קאָן מיר זאָגן באַשייד?
דאָס ספר איוב, איז געלעגן פאַר מיר אָפן
און כאָטש כהאָב שטאַר אין ספר געגלאָצט
האָבן נישט ווילנדיק די אויגען
דעם פסוק „ד׳ נתן ד׳ לקח״ געטראָפן.
פלוצלונג! האָט עמעץ אין פענצטער געקלאַפּט
און אַ קול ווי פון יענער וועלט
האָט אַ כריפּע געטאָן
„פאַר דיר איז אויסגעלאָשן די פרייד״
האָב איך פאַרנומען אַ שורשן
פון דיין קלייד
און כהאָב דיך דערזען ווי אַמאָל
מיט צעפּ און ברוינעם זייד.
(איך געדענק, דו האָסט עס געגייט
אין דיין מאַמעס שטוב
ווען איך בין געקומען פון דער פרעמד
און דו האָסט זיך גערויטלט —
יידישלעך געשעמט.
די צעפּ פאַרוואָרפן
אויף דער ברוסט —
האַסטו אויסגעזען, ווי אין מאָרגנטוי
אַ פרישער רויזענקוסט)
האָב איך דיך גענומען פאַר דער האַנט
און געפרעגט דיך,
דבורה־קרוין וואָס איז דיר?
זאָג!
איז טאקי אַזוי גרוים די בראָך?
די קלאָג!
האָסטו געענפערט מיך האַלטנדיק
פאַר די הענט;
עי גאָרנישט, מען האָט מיך נאָר
לעבעדיקערהייט פאַרברענט.

— — — — — — — — — — — —

כהאָב געזען אַ שטוב פאַרגאָסן מיט זון.

# ווען דו ביסט אַוועק

ווען דו ביסט אַוועק פון מיר
איז אָפן שטיין געבליבן די טיר.
נישט געוועזן ווער —
עס זאָל זי פאַרמאַכן אַפילו.
און פאַרגעסן האָב איך די תפילה,
וואָס מען זאָגט נאָך אַ מענטש,
ווען ער גייט אַוועק.
און איך ווייס נישט פאַרוואָס,
צו פאַר פרייד, וואָס כ'בין געבליבן,
אָדער... פון איבערגעלעבטע שרעק.

ליטצמאַנשטאַט - געטאָ
1944

# אַז כ׳גיי אַמאָל...

אַז כ׳גיי אַמאָל אַ פענצטער פאַרביי
און ס׳שטייט אַ פרוי פאַרקוקט —
דורך פאַרבעלמטער שויב,
דוכט זיך מיר
אַז דו שטייסט עס אַזוי
דו, מיין אומגעקומענע פרוי
און ס׳גיט אַ ריס אין האַרץ
גיב איך אַ געשריי דו?!
כוויל אַ פאַל טאָן צו דער ערד
און בענטשן דאָס אָרט;
נאָר ס׳פאַלט צוריק פוסט
דאָס אַרויסגעזאָגטע וואָרט.

ציילסחיים
1946

# אויף פרעמדער ערד

אויף פרעמדער ערד —
איך אַ געפאַנגענער אין לייד,
וועל מער פון דיר
נישט וויסן קיין באַשייד.
דיינע ליפּן, וועלן מער נישט
פרעפּלען מיין נאָמען
וואָס פלעגט פאַלן
אויף מיין האַרץ,
ווי אויף שוואַרצער ערד
ס׳פאַלט געזונטער זאַמען.
און קיין ציטער
וועט מיין האַרץ
שוין נישט געבן,
באַגעגנענדיק דיך דורכשוועבן.
און שווער פאַלט אויף מיר
די לאַסט פון לעבן.
און ווען מיין געמיט שווער
פרעסט אויס
פון אויג אַ טרער,
בין איך אין שוואַרץ געהילט
און איך רו אין טרויער,
און מיין אומעט
פליסטערט מיר אין אויער:

„ביז דיין פאַרגיין
ווערסטו זיין
מיט דיין פּיין —
אַליין, אליין.

דייטשלאַנד
יולי 1945

# עס איז געווען אַן אָוונט

עס איז געווען אַן אָוונט.
בלוטיק רויט
איז פאַרגאַנגען די זון
און פאַרפירעריש האָבן
גלי־ווערים
פון קוסטעס געוווּנקען.
אין סוף חודש׳דיקן כאשכעס
פון מידן תמוז.
נאָר דיין געקרויזטער קאָפּ
איז אויף מיין אַקסל
נישט געלעגן,
און כ׳האָב נישט געקענט ווי אַמאָל
מיט לעבעדיקע דימענטן,
באַקרוינען דיינע קרויזן שוואַרץ
און קושן דיינע אויגן,
וואָס האָבן געפאַנגען
מיין האַרץ.

פלאַק־קאַסערנען ביי מינכען
יולי 1945

# אויף די חורבות פון דער אַלטשטעטישער שול

און צוויי מלאכים
ראַנגלען זיך אין מיר,
און כ׳ווייס נישט ווער ס׳איז גערעכטער —
ביי דער רעכטער האַנט דער גוטער
צי ביי דער לינקער דער שלעכטער.
אַזוי זיץ איך אויף אַ ברוך־שטיין
מיטן קאָפּ אין די הענט
און כ׳הער אין מיר אַ געוויין:
אַ שול וואָס ווערט חרוב — קען ווערן געבויט,
נאָר ווער וועט אויפבויען אַ פאָלק,
וואָס גייט אויס אין הונגער־טויט?
נאָר קיין ענטפער גיט דער הימל נישט.
און אַ פונק האָט זיך פּלוצלונג
געצונדן אין מיין בלוט,
און איך הער אַ שטימע
גייט אויף אזן באַנומען שרייט:
צום פאָלק, צום פאָלק,
ווער גייט, ווער גייט,
אין דער שלעכטער צייט
מיט שטראָף און טרייסט,
באַהויכט און באַפליגלט
מיט נביאישן גייסט?
און ס׳שטרעקן זיך צו מיר

די תגין פון ספרי־תורות פאַרברענט,
ווי רחמנות־בעטנדיקע הענט
און זיי שרייען צו מיר
פון קנויליק־שוואַרצן רויך:
— ביזט אַ געטאָ־דיכטער —
ווער אַ נביא
פון שטראָף און טרייסט אויך, —
און איך בין פאַרציטערט געוואָרן.
אַרום מיר האָט געברענט,
ווי אין מדבר דער דאָרן.
אנכי! האָט אַ קנאַל געגעבן
און אַ באַוואָפנטער דייטש
מיר שטייט דערנעבן,
און ער וועקט מיך:
— וואָס זיצסטו ווי אַ גולם?
שטראָף און שילט מיט דער תוכחה,
נישט אַלע זיינען צו דעם זוכה!
— האַרעלע, בעט איך ביי אים
מיט שטאַמלדיקער שטים,
וואָס גייט דאָס דיך אָן,
און עס קלאַפט מיר אַ צאָן אין אַ צאָן.
הער אַ מעשה:
אַ היטלעריסט זאָל באַפעלן געבן
וועגן יידיש געטאָ־לעבן?
נאָר פלוצלונג הער איך אַ ווילד געלעכטער,
איך קוק זיך אַרום —
וואָס פאַראַ דייטש?
און איך שפרינג אויף
אונטער שמיץ פון אַ ביימש
דער מייוול פון יעקב גאָרדינס
„הערשעלע דובראָוונער“
האָט מיר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל,
און איך דערוואַך
פון אַ בריענדיק שמיצל.
— כ׳בין מעפיסטאָ,

כ׳בין לוציפער,
ס׳וועט נישט העלפן
דיין יום־כפור,
נישט דיין זיפצן,
נישט דיין אָכן,
זע, ס׳ליגט פאַר דיר
אַ הייליקייט צעבראָכן.
אויף וואָס דיין וואַרטן,
אוף וואַס דיין האַרן,
אַ פאָלק גייט אויס
אין בענקען־גאַרן.
גיי, אַ נביא ווער,
וויש אויס ביי זיי אַ טרער,
נביאות זאָג אין ליטצמאַנשטאַט־געטאָ,
שילט דעם יודן־ראַט,
פאָר גניבה, גזילה און רציחה,
פאַר דיינע ברודער פאַרשפּאָטע.
נעם פון דאָ, כאַפּ פון דאָרט,
פון דיין באָבע געגענדלס
„שבט־מוסר“,
און פון ביאַליקן אַ וואָרט,
זאָג זיי אַריין ביזן ביין,
אפשר וועסטו רירן
זייער האַרץ פון שטיין.
זאָל בלייבן לדורות
אויף אייביק צו פאַרגלייכן,
אַז אויך אין לאָדזשער־געטאָ
האָט מען פאַרעטער געשטעמפּלט
מיט אַ קין־צייכן.
און איך האָב מיך געבעטן:
— וואָס ווילט איר פון מיר,
איך ווייס, אַז פול אייטער
איז זייער געשוויר,
קיין גאַנצער גליד ביי זיי
פון קאָפּ ביז פוס

זיינען זיי אָנגעטרונקען
מיט גיפט און גאַל,
און נישטאָ אַזאַ וואָרט
אין מענטשלעכן מויל
צו באַשרייבן דעם געטאָ־גרויל:
אָבער וויאַזוי
קען איך אַ נביא ווערן
פאַר זייערע פּיין און טרערן?
אַמאָל זיינען נביאים געווען
מיט גרייז־גרויע בערד,
מיט אַ האַנפט־גאַרטל געשנירט,
און איך בין אַ „קאָטלאַזש"
אָן אַ היטל און וואָנצעס ראַזירט.
איך ווייס, אַז זיי אַרבעטן שווער
פאַר אַ וואַסערדיקע זופּ
ביז שעהן שפּעטע
פאַר „דער ווערמאַכט„
און ווערן „ווישעדליעט" פון געטאָ
אין מיטן דער נאַכט.
אָבער איך האָב פאַרשטאָפּטע ליפּן
און דעם ביטערן כוס מיט זיי
צוזאַמען טו איך דאָך זופּן.
און דער שלעכטער מלאך
סיקעט איבער מיר געבויגן
און סמאָלע רינט אים פון די אויגן:
— גיי, שילט מענטשן־קינד,
שטראָף ווי שטורעם־ווינט,
ביטש מיט ווערטער שאַרפע.
און דער גוטער מלאך
איבער מיר ציטערט,
און זיין שטים קלינגט ווי אַ האַרפע:
— גיי, טרייסט מיט ווערטער צאַרטע
דיינע ברידער פון רומקאָווסקי אָפּגענאַרטע,
האָסט ווערטער ווי סאַמעט,
וואָס לאַשטשען און גלעטן

הערצער באַשפּיגן, צעטרעטן.
ביסט אַ קינד פון באַלוט,
מיט זיי צוזאַמען געליטן, געבענקט,
קעמפער, דיכטער — דעם פאָלק געשענקט,
אויף קאַסטנס פון מיסט
זיינען רויזן געוואַקסן,
אין הויפן שמוציקע — גרינע וויזן.
און כ׳האָב געפּאָלגט · און בין געגאַנגען,
אָנגעטרונקען מיט גיפט פון שלאַנגען.
כ׳האָב געזען, אַז אין די הערצער
פון געטאָ־פירער ליגן שטיינער
און איך, ער, און מער קיינער.
און מיין וואָרט — שטראָפיק האַרט,
און מיין טרייסט — מילד און צאַרט
פון קיינעם ווערט באַגערט,
און מיט זיי צוזאַמען פון צאָרן־פייער
אויף געטאָ־מזבח איך ווער פאַרצערט.

ליטצמאַנשטאַט - געטאָ
1943

# דאָס לעבן איז שיין

איך לעב,
דו לעבסט,
מיר אַלע לעבן
און פרייען זיך מיטן לעבן.
זעסט דאָס בלימל? —
עס בויגט זיך צו דער זון
און טרינקט וואַרעמקייט און ליכט
און פרייט זיך מיטן לעבן.
אַ ווינטל בלאָזט אין די בלעטער פון בוים
און אין די גראָזן ביים טייך,
און גלעט די קרוינען־קעפּ
פון דעמבעס און סאָסנעס
און זיי דאַנקען דעם באַשעפער פאַרן לעבן.
אַ קעלבל שפרינגט אויפן פעלד
און די מאַמע־קו מעקעט
און קוקט מיט פרייד אויף איר קינד
און דאַנקט פאַרן לעבן.
ווי שיין איז די וועלט,
ווי שיין איז דאָס לעבן;
ווייל — איך לעב,
דו לעבסט,
מיר אַלע לעבן.
ווי שיין, ווי שיין איז דאָס לעבן!
ניין! שיין איז ווייניק.
נאָך געטאָ, אָשוויענטשים, דאכאו

איז ווייניק צו זאָגן שיין.
דאָס לעבן איז פּרעכטיק, ווונדערבאַר, הערלעך.
ווען מען זאָל צוזאַמענעמען די שענסטע ווערטער
פון אַלע וועלט־לשונות,
וועט נאָך ווייניק זיין אויסצודריקן
די שיינקייט פון דער וועלט, פון לעבן;
ווייל איך לעב,
דו לעבסט,
מיר אַלע לעבן.
און די קו פרייט זיך מיטן קעלבל, איר קינד,
און מיר דאָס קינדערלאָזע פאָלק —
מיט וועמען זאָלן מיר זיך פרייען?
אונדזער קינד איז דאָך נישטאָ,
אונדזערע קינדער האָט מען דאָך פאַרברענט,
און אַוועקגעגעבן האָבן מיר זיי דעם שונא
מיט די אייגענע הענט, מיט די אייגענע הענט.
פאַרצייטן אין ארץ־ישראל,
אַז מען האָט געפונען אַ טויטן
האָט מען געמאָסטן ביז דער נאָענסטער שטאָט
און די עלטסטע, די גרייז־גרויע
זיינען אַרויסגעגאַנגען צום טויער פון שטאָט,
האָבן אַרויפגעלייגט די הענט אויף אַ קאַלב,
וואָס איז נאָך נישט געגאַנגען אין יאָך
און האָבן מיט ציטערדיקע שטימען געזאָגט:
מיר זיינען נישט שולדיק, „מיר האָבן נישט פאַרגאָסן
דאָס דאָזיקע בלוט".
און מיר? — מיר האָבן אונדזערע קינדער
דעם שונא געגעבן מיט די אייגענע הענט
און ער האָט זיי פאַרברענט.
און איך לעב,
דו לעבסט,
מיר אַלע לעבן
און פרייען זיך מיטן לעבן
און עס פרייט זיך דער פויגל, דאָס שוועלבל,
אַפילו דער קאַלטער פיש אין וואַסער

פרייט זיך מיטן לעבן.
און עס לעקט די מאַמע קו איר קינד
און דאָס קעלבל טוליעט זיך
צו מאַמעשער וואַרעמקייט און מעקעט פאַר פרייד.
אָבּ׳ר מיר האָבן נישט קיין מאַמעס,
אַ פאָלק פון יתומים און יתומות זיינען מיר,
אָן מאַמעס. אָן טאַטעס.
אונדזערע עלטערן האָט מען דאָך פאַרברענט;
און אַוועקגעגעבן האָבן מיר זיי דעם שונא
מיט די אייגענע הענט, מיט די אייגענע הענט.
און איך לעב,
דו לעבסט,
מיר אַלע לעבן.
און די זון וואַרעמט,
די לבנה הענגט אַ פאַרחלום׳טע
אויפן שוואַרץ־סאַמעטענעם הימל;
און ס׳שושקען זיך די בוימער
אין טונקעלן וואַלד
און דאָס לעבן איז שיין.
אַך! ווי שיין איז דאָס לעבן.

— — — — — — — — — — — —

מיר האָבן געחלומט
דעם גרויסן חלום פון אויסלייזונג, פון באַפרייונג
אין די פינצטערע, נאַסע באַראַקן, בונקערס;
נאָך אַ שווערן אַרבעטס־טאָג,
רייסנדיק מיטן קילאָף שטיינערדיקע ערד,
פאַרפייניקט פון הונגער און קעלט,
אונטערן פאַרלוייזיקטן קאָץ
צווישן טויטע חברים,
וועלכע האָבן זייער רו געפונען
אין די אומהיימלעך־פינצטערע בייערישע וועלדער
דאָרטן האָבן מיר געחלומט
אונדזערע אויסזיכטסלאָזע חלומות
און דאָס קראַנקע האַרץ האָט געקלאַפּט:
כ׳וועל געפינען מיין פרוי,

כ'וועל געפינען מיין קינד;
(טאַטע־מאַמע אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט,
געזאָגט — מוז עס ווערן אונדז צו שאַנד...)
אָבער וועגן פרוי און קינד
האָבן מיר נאָך געוואַגט צו חלומען.
און ווו איז אונדזער פרוי?
דער פריינט און חבר פון אונדזער יוגנט —
די פרוי, וועלכע מיר האָבן געליבט,
צוזאַמען געליטן, געקעמפט און זיך געפרייט.
ווו איז זי, די פרוי — דאָס ווייב,
די מאַמע פון אונדזערע קינדער.
ווו איז זי?!
ווו איז אונדזער פרוי?
נישטאָ, נישטאָ!
מיר האָבן זי דאָך אַוועקגעגעבן דעם שונא
מיט די אייגענע הענט;
און ער, דער מערדער, דער אייביקער קין,
האָט זי פאַרברענט;
אין קעלערן פאַרנאַרט, מיט הינט געשלעפּט,
מיט מוזיק באַגלייט און פאַרגאַזט, דערשטיקט,
אַך! ווען איך קאָן אַזאַ געשריי געבן,
אַז די גאַנצע וועלט זאָל פאַרציטערט ווערן,
נישט וויינען מיט טרערן.
ווייל פאַרשטיי דאָך מענטש!
נישטאָ אונדזער פרוי,
נישטאָ אונדזער קינד,
און צו וואָס אַזאַ לעבן
ווען ס'איז צו לאַסט
און ס'האַרץ וואָס קלאַפּט מיט האַסט
קאָן נישט קיין רו געפינען,
ווייל אונדזער שענסטער חלום איז צערונען,
נישטאָ אונדזער פרוי, נישטאָ אונדזער קינד.
אַוועקגעגעבן, אַוועקגעגעבן
מיט די אייגענע הענט
און דער שונא האָט זיי פאַרברענט.

ווען אַ שטויב־אַש וואָלט כאָטש זיין
אַ זכר פון זייער געביין.

— — — — — — — — — — — —

און איך לעב,
דו לעבסט,
מיר אַלע לעבן.
אַך! ווי שיין איז דאָס לעבן...

אויסשוויטץ־פעלדאַפינג
יולי 1944

# ווי קאָן איך

ווי קאָן איך אייך קדושים
אל מלא׳ם ציקלען,
אַז אייערע לייבער
ווי הייליקע פּאַרמעטן
אויפן פייער
האָבן זיך געטאָן וויקלען.
און ווען עס נישט
אַ לעסטערונג זיין
אַז ווען איר
האָט זיך געצאַפּלט
אין וועלוויפּישע ציין,
האָבן הימלען נישט געהערט
אייער געוויין
און נישט געשפּאָלטן
האָט זיך די ערד,
ווען ס׳האָט אייך געפרעסן
די צווי שאַרפּיקע שווערד.
אויף אייך זאָגן צדוק הדין?
ניין!
ווייל אייך לעסטערן
איז ערגער ווי שפּאָט
און דאָס וועל איך
נישט דערלויבן, אפילו —
אייער אכזריותדיקן גאָט.

# צו שוואַך

פון דער ערשטער גרויער האָר
וואָס האָט זיך אויף
דיין קאָפּ באַוויזן,
איז אַ ליכט
פאַר דיינע קינדער אויפגעגאַנגען.
דאָס ליכט וואָס האָט אָנגעהויבן
אין אונדזערע אויגן
מאט ווערן,
האָט אין אונדזערע
קינדער אויפגעהעלט.
נאָר דו האָסט נישט דערלעבט
דיינע זין באַפרייטע צו זען,
אונדזער בכור, דער טרייסט
פאַר לייד און פּיין
אַ געפּייניקטן אין דאַכאו
און דיין האַרץ פרייד
דער יינגערער,
וועלכער האָט אָפּגענאַרט
דעם מלאך המות אין בוכנוואַלד.
אויך איך בין באַפרייט;
איך לעב, נישט ווייל איך וויל
און שטאַרב נישט,
נישט ווייל איך וויל נישט.
איך בין צו שוואַך,
צו ווערן פאַרלענדט —
פון אייגענע הענט.

# נאַכט אין בלאָק

טיפע שוואַרצע נאַכט,
צווישן צעפליקטע וואָלקן שמאַטעס
בלינצעלט אַ שטערן.
געגעסן וואָלט איך עפּיס גערן;
אַ רויע קאַרטאָפל, אַ פּיצל ברויט,
דאָס איז מיין באַגער
צו באַנעטצן מיט מיין לעצטע טרער
אויף פּאַרלייזיקטער נאָרע
אין קראַמף פון הונגער נויט.
אין באַראַק —
דורך פאַרבעלמטער שויב
שפּרייט זיך די נאַכט טויב.
דורך שמוטציקן פענסטער
ווינקן געשפּענסטער,
ס'קוקט אַריין דער טויט
כ'ווייס נישט וועמענס
ס'שלאָגט די שעה.
נאָר דער טויט איז שוין דאָ
איך זע, ער קוקט —
מיט טויזנט אויגן.
געהויקערט און געבויגן
הער איך ווי עמיץ קלאַפּט,
מיט סקעלעטן־פינגער ביי׳ניק
אין האַרץ מיין אינעווייניק.

לאַגער פיר קאַופערינג 1944

# כ׳האָב אַנ׳עמוד...

כ׳האָב אַנ׳עמוד
אין מיין האַרץ געשטעלט
און פּאַר אַ שויתי
דיינע אויגן אויסגעוועלט
און ווען בענקשאַפט נאָגט
פון פיינלעכע געפילן
טיף אין האַרצן,
פאַל איך אויף די קני פאַר זיי
איינגעהילט אין שוואַרצן,
און מיין תפילה
געלייטערט אין פיין
וועט ביז מיין לעצטן אָטעם
פון די ליפּן נישט פאַרגיין
און כ׳וויל אייביק פול זיין
מיט איינגעהאַלטן געוויין
און מיין ווײ געשריי
אַ צערייצטער לייבן בריל,
נאָר איך דערשטיק אים אינדערשטיל.

# אַ נאַכט אין געטאָ

פול סודות, כאָטש העל איז די נאַכט
און ס'שלאָפט געטאָ־שטאָט פאַרוויגט אין ווינט
אין געטאָ פאַלן קרבנות אָן שלאַכט
און עלנט וויינט אַ פאַרלאָזן קינד.

די נאַכט זאַפט איין דאָס געוויין
און קלאָגט שטיל אין פינצטערן שאָטן,
די לבנה אין פראָסטיקן שיין
מיט טרויער גלאָצט אויף געטאָ דראָטן.

# כ'האָב געזען מיין היים

כ'האָב מיין היים געזען,
אַלץ ווי אַמאָל איז געווען,
אין געסל וווּ איך האָב זיך געשפּילט,
זיינען געשווירענע אַקאַציעס געשטאַנען
און האָבן קאָקעטירט ווי מיידלעך,
געשוויר־ענע אַלאַ גאַרסאָן.
מיין טאַטע איז ביים וועב־שטול,
אויף דער זיצע־באַנק געזעסן
און האָט קיין צייט נישט געהאַט
מיר שלום צו געבן.
ער האָט נאָר אַ טאַטע־שמייכל
אין געפלעכט פון באָרד
און וואָנסעס פאַרלוירן,
און דער שמייכל איז פאַרזונקען
ווי אַ גאָלדן רענדל אין זומפּ.
אַ שכנ'ס מיידל האָט מיך דערקענט,
האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט
און אַ געשריי געגעבן
צו מיין מאַמען; „בלימע,
אוי זאָלט איר מיר לעבן,
אייער זון מאיר בער איז געקומען,
ליב אייך אייער גאַסט".
איז די מאַמע מיט האַסט
פון ציגיינער־אויוועלע אַפּיר
און מיטן קאָכער־לעפל

אַ פאַל געטאָן אויף מיר
און אַ העשע געגעבן:
„מיין קינד! מיין קינד!
כ׳האָב דיך אין חלום געזען,
ביזט רב געוואָרן,
נאָר פאַר פרייד
האָב איך דעם פאָדעם
פון חלום פאַרלאָרן.“
דער טאַטע
האָט צוגעאַרבעט ביז אַ שמיץ, (*
האָט אַרויסגענומען דעם שיצן (*
פאַרלייגט אַ נייע שפול (*
אין קאַסטן פון לאַדע (* אַריינגעלייגט.
און ווען דער צוג (* איז ווי אַן אומרו
נאָך געגאַנגען הין און צורוק,
האָט ער זיך געוואַשן די הענט
און שלום געגעבן זיין זון.
זיין פנים, ווי אַ צעאַקערט פעלד
אונטער פרילינגדיקער זון,
האָט מיך מילד געגלעט.
— נו, וואָס הערט זיך
און דער גרויסער וועלט?
וואָס געזען? וואָס געהערט?
און איך טראַכט;
אַ טאַטן צו זען
נאָך יאָרן נע־ונד —
איז אַ גרויס גליק באַשערט.
נאָר די מאַמע זאָגט: הענעך,
האָסט נישט קיין צייט?
דאָס נייעס וועט נישט אַנטלויפן
און די גרייץ ווערט קאַלט.
כ׳האָב זיך געזעצט צום טיש.
עס איז דער זעלבער
אַלטער משפחה־פריינט.
(דאָס שופלאָד

(* האַנט־וועבער מכשירים

רוקט זיך אַרויס קרום,
דאָרט ליגט דער אַלטער לוח, שנת
תרס"ו—לפ"ק.
דאָס יאָר האָט משיח געזאָלט קומען —
(אַזוי געדענט איך — האָבן געזאָגט
די ווורקער און קאָצקער חסידים,
ווען קאַזנאַקאָווס קאָזאַקן
האָבן געשאָסן אין יידישע שטובן
אין באַלוט
און האָבן געהאַקט מיט בלויזע שווערדן
איבער יידישע קעפּ).
אין די נאָזלעכער האָט גערייצט
אַ היימיש ריישעכץ
און דער געשמאַק פון פריש קאָרן־ברויט
מיט קאָפּער און קימל
(מיין גליק נישט צו באַשרייבן —
אין זיבעטן הימל).
האָב איך אָפּגעביסן אַ שטיקל ברויט,
און אַז כ'האָב דעם ערשטן —
לעפל גריץ געשלונגען אין קעל,
איז געוואָרן וואַרעם אין האַרץ
און אין די אויגן קינדיש העל.
די מאַמע, פאַרפאָרעט,
ווייסט נישט, אַז דאָס שייטל
האָט זיך שטיפעריש פאַרשייט
און גרויע האָר וויזן זיך
אויף דער שלייפן־זייט.
און מיין ברודערל
קוקט אויף מיר פאַרבליפט.
דער זיידע פישעלע
איז שוין אינגאַנצן גרוי,
נאָר די אויגן בלוי,
נאָך יינגלעריש פאַרשטיפט.
און די באָבע גענענדל
האָט פון אַרבעט שוין קרומע פיס,

נאָר דעם „מנורת המאור“
און ספרים׳לעך מיט רשי״א־כתב
לייענט זי נאָך אַזוי האַרציק־זיס.
מיין שוועסטערל
איז גרין פאַרקרענקט,
זיצט שטיל פאַרשעמט —
אפשר גרויסט זי זיך מיטן ברודער,
וואָס איז געקומען פון דער פרעמד?
שבת נאָכן עסן זיינען געקומען
מקבל־פנים זיין דעם גאַסט
דער פעטער דוד זעליק,
דער איינציקער משכיל פון דער משפחה,
מיט דער מומע שרה׳ל,
מיין שוועסטער־קינד אסתר רויזע
מיטן גאָלדענעם קאָפּ האָר
עסט מיך מיט די אויגן,
אָט שלינגט זי מיך איין.
נאָר דעם פעטער יאַנקל׳ס
שוואַרצע אסתרל באַדויערט מיך
און אירע אויגן זיינען פול געוויין.
שוין נישט די יאָרן וואָס געווען.
עפּעס איז אין מיין היים געשען
פרייטיק צו־נאַכטס לייענט מען שוין נישט
דעם „ספר הישר“,
מ׳קנאַקט נישט קיין באַניעקערן,
מען שיט נישט קיין וויסן זאַמד
נאָכן שטוב אויסקערן,
מען שמועסט נישט וועגן קאָלאָניעס
אין אַרגענטינע
באַראָן הירש שוין נישט אין דער מאָדע.
און ס׳רייצט שוין נישט די באָבעס
אָפּגעפּלאַצטע, פאָרנירטע קאָמאָדע.
דער פעטער יאַנקל
לייענט שלום עליכם׳ן:
„די כאַליאַסטרע פאָרט קיין אַמעריקע“

מיטן פעטער פיניע און שווענערין ברכה,
נאָר אין די טרערן פון לאַכן
זע איך, אַ טרויער הענגט איבער דער משפּחה.
דער טאַטע איז מעביר די סדרה ווי אַמאָל
שנים מקרא ואחד תרגום
מיטן מהפּך־פּשטא און דרגא־תביר,
מיט אַזאַ אומעטיקן ניגון,
און עס גרילצט צו אַ גריל
פון קוימען־אויוון ביי דער טיר,
די מאַמע דרעמלט,
און איך, אַן אָפּגעפרעמדטער זון,
וואָס כ׳האָב זיך אַליין פאַרטריבן
פון טאַטנ׳ס אָרעמען טיש,
מעלה גרה דעם טעם
פון קבלת־שבת און יידישע פיש.
און פון האַרץ אַ בת־קול רופט:
ווײ איז צו די, וואָס לערנען
קאַלטע חכמה אין דער פרעמד,
און קומען נאָך וואַרעמקייט צום טאַטן
און צו דער מאַמע נאָך אַ העמד.
ווען איך וואָלט זיך נישט געשעמט,
וואָלט איך געשריען מיט די לעצטע כוחות:
טאַטע! טאַטע!
טוליע מיך צו דיר, צו דיין גלויבן,
ווי עס טוליעט זיך אַ קינד
אין מאַמעס שויס.
ווייל מיר איז אַזוי אומעטיק
און אַלץ איז אַזוי גרוי,
אָן אַ היים, אָן אַ הויז
אָן גליק פון אַ ליבער פרוי,
וואָס דער שונא האָט פאַרלענדט
און אייך מיט מיין חלום
אויף אַש און שטויב פאַרברענט.

פעלדאַפינג — בערגן־בעלזן

# פֿאַרשפּיגענע

# בּרונעמס

# מיטן קאָפּ אין וואַנט

עס גלוסט זיך אַמאָל
אַזוי נישט מיר, נישט דיר,
אַ שפּרונג צו געבן
אין חלל פון דער וועלט
און נישט צו ווערן,
צו זיין אַזוי אַ שטיינער
אַ רואה ואינו נראה;
ווייל די וועלט פאַר מיר
האָט שוין קיין באַדייט,
טערמינען בלויז אַזעלכע
— אָרט און צייט;
אַ טעמע פאַר פילאָזאָפן,
פאַר דיכטער און פּאָעטן,
פאַר קליינע און גרויסע —
ווער ניכטער שרייבט סאָנעטן
און ווער נאָך אַ כוסה.
אויף מיר אַ שטיינער
רוט די שכינה,
די גרעסטע פון די „מוזן"
נישט ווען שופרות בלאָזן,
נאָר ביי אַ ליקוי חמה און לבנה,
ווען כ'הער וויינען
אַ יתום, אַן אלמנה.
אָדער ווען עגלות מיט מתים
ציען זיך ווי שוואַרצע שלאַנגען,
און ס'יאָמערן, וויינען,
נישט געדאַכט פאַר קיינעם,
דערוואַקסענע מענער, זקנים,
מיט איכה געזאַנגען.
פּראָסט, כ'האָב ליב ווען שטערן פאַלן.
כ'האָב נישט ליב
קיין פעלדער, וועלדער,

גלעטנדיקע זונען־שטראַלן;
כ׳מוז ליבן אָדער האַסן
אין ערנסטן פאַל
באַריקאַדן אויף די גאַסן,
ס׳פליען שטיינער, פלאַשן,
שפּייערס ציט מען פון די טאַשן,
קולות ווילדע פראַלן, שאַלן.
מענטשן זעלנער אין אַ קנויל,
פשוט, ס׳איז צום גראַם — אַ גרויל.
עך! „פשיאַ קרעוו"!
גלוסט זיך אַזוי אַמאָל
אַ שפּרונג צו געבן,
און אויפהויבן זיך
איבער וועלט און לעבן —
פשוט נישט צו ווערן.
וועמען נוצן מיינע לידער?
וועמען רירן דען שוין טרערן?
אַז בערג טויטע ליגן
ווי די זעלנער אין אַ ריי,
גיט דען עמעץ אַ געשריי?
ס׳טשעפּעט שוין ווי דעם קאָטער,
אַז דו גיסט נישט
אַ בריקע מיטן פוס,
ביסטו אַ פיינער מענטש און פטור.
הענט, פיס, גלידער, קעפּ,
קוילן, באָמבעס, האַנט־גראַנאַטן,
מאַכט מען מיט דער האַנט אַוועק —
עך! אַ רוה אין טאַטנס טאַטן.
וויגט זיך ערד, פּלאַצן הימלען,
לעבעדיקע מענטשן פוילן, שימלען,
ליגן, גוססן ווי אַ פּלאַץ,
ס׳אַרט שוין ווי די קאַץ;
טאַטע, מאַמע, ווייב און קינד
סיי־ווי אַוועק אין שטורעם־ווינט.
גלייבט מיר, כ׳ווייס נישט אין וועמענס זינד

ס'דאַרף מן־הסתם אַזוי זיין;
כ'בין שוין שכור נישט פון ווײן,
כ'שטיל מיין דורשט מיט בעכערס גאל,
כ'פלי משוגע אין כף־הקל;
ס'העלפט קיין וויינען,
ס'העלפט קיין טרערן,
מ'קאָן צעפּלאַצט נאָר ווערן.
ברענען זיך אויף גיהנום פייער,
פאַרשווערן אַלץ, וואָס הייליק, טייער,
וואָס מיר נאָט, ווען מיר הימל,
ס'איז אַלץ בלויז שטויב און שימל.
איך גיי אַזוי אין קאַראַהאָד,
און רייס אַראָפּ סוד נאָך סוד;
נאָר ס'טרעפט אַמאָל אַ פאַרנאַכט,
זון פאַרגייט אין מעריב שטיל,
ציטערט אויף אַ געפיל,
בוימער שטייען שטיל און שא,
שטערן פאַלן עד בלי די,
ס'וויקלט דיך נאַכט אַרום,
ס'איז די וועלט טויב און שטום.
טראַכסט אין דיר טיף אַריין,
דערהערסטו פּלוצלונג אַ געוויין;
ווייסטו ווער עס וויינט?
דאָס וויינט אין דיר
ס'געריבטע לעבן.
ס'זיפצט דערשטיקטע פרייד,
ס'האָט מן־הסתם אַ נאָענטע
דיך פאַרלאָזט.
נישט געזעגנט, נישט געשיידט,
מיט אַ לעצטן קוש נישט באַגלייט;
קיין טיכל ווייס האָט נישט געפלאַטערט,
אונטערן מערדערס פּלייצע נאָר
אַ בליק געגנב'ט און געפטר'ט,
און מיט אַ ביקס אַ שטויס אין נאַקן,
און אַ שפרונג „קרייץ און האַקן".

וואָס דאַרף מען אַ סך בּראַיען,
צווישן אונדז גערעדט,
צו וואָס דען שרייען,
אַז מען האָט אונדז לעבּעדיק
געפּרעגלט אויף אַ פייער־פאַן!
און אויבּ עס איז אַ גאָט פאַראַן,
איז מיטן קאָפּ אין וואַנט,
נישט מיין, נאָר זיין שאַנד!
אַ גאָט אַזאַ פון נקמה?
מיט פיצלעך קינדער געפירט מלחמה?
אַ גאַנץ פאָלק אומגעבּרענגט,
ווייבּער, מענער, זקנים, קינדער,
געשאָכטן עופה'לעך ווי טויבּן,
און געקוילעט אַלטע ווי רינדער.
איז דאָך בּיאַליק דער גערעכטער,
פאַר אַ גאַנץ פאַרטיליקט פאָלק
איז קיין נקמה נישטאָ פאַרן שעכטער!
ואם יש צדק יופע מיד,
און די גערעכטיקייט האָט דערשיינט
מיט אַ געשאָכטענעם נעכטן
און אַ דערמאָרדעטן היינט;
און מיט דעם מאָרגן
מעג די וועלט ווערן דערוואָרגן,
דעם נעכטן קאָן איך נישט פאַרגעסן,
ער האָט מיך ווי אַ דבוק בּאַזעסן,
אויך דער היינט
געהערט צום פיינט,
דערפאַר שעלט איך דעם מאָרגן,
ער זאָל מיט דער וועלט
ווערן דערשטיקט און דערוואָרגן;
און מיט מיר צוזאַמען
בּרענען אין גיהנום'דיקע פלאַמען;
ווייל וואָס וועט שוין העלפן,
זיפצן, קלאָגן, וויינען, אָכן,
זאָל אַלץ ווערן ראָד געבּראָכן!

כ׳האָב פײַנט רחמנות,
אויף פּײַן און טרערן
זאָלן אַלע קללות מקוים ווערן,
מיט דער תוכחה וואָס איך שעלט,
אויב פֿאַלש אַזוי קאָן זײַן אַ וועלט!
גיסט אַרמאַטן, פּאַנצער־צוגן,
אַרמאַטן־פּלײַש פֿירט אויף באַנען,
אויף הוראָשימו און נאַגאַסאַקי,
באָמבעס וואַרפֿט פֿון עראָפּלאַנען.
נישטאָ ווער ס׳זאָל כּיבן, לאַכן,
מיר פֿאַרשטייען אַזעלכע זאַכן!
אַלע שרייען אין גאָטס נאָמען,
אומפֿאַרשעמטע הינטישע זאָמען,
רופֿן צו הילף אויך דעם יושר,
נאָר אַז ס׳איז אַ שעת־הכּושר,
שטינקט נישט געלט נאָר עס שמעקט,
אויף יעדער שפּראַך און דיאַלעקט.
לאַכט נישט! זײַט נאָר שטיל, שאַ,
יאַפּאַנס באָמבעס אַרבעט אויס
או. — עס. — א.
קוילן, ביקסן, טאַנקס, גראַנאַטן,
ס׳ווערן פֿעט וועלט־מאַגנאַטן,
שעכט מען אויס איין מדינה,
ס׳איז אַ באַנדע פֿון איין מלוכה.
אָפּגעצאַפּט דאָס בלוט אינגאַנצן,
שוואַרצע פּראַקעס אויף בעלער טאַנצן,
אין קאַראַהאָד גייען שדים רוחות,
ווי מאַראַדערן וואָס לעבן
פֿון בלוטיקע זאַוויערוכעס.
און מיט קאָכאַנקעס אין ווייכע בעטן,
כּיכן, הירזשן, לאַכן, שפּעטן —
אוי די יאָלדן קאָן מען טשאַקן,
לאָזן זיך אַ טשײַניק האַקן,
כּי כּי כּי, כּא כּא כּא,
אוי אַ העצע מיט די לײַט.

בערגן־בעלזן 1945

# אַ שטיין אין הימל

(מיין תפילה זכה)

איך האָב דיך געליבט,
איך האָב דיך באַגערט
און פאַרציקט, ווי אַ וואָלף
פאַרציקט אַ שעפּעלע,
און דו האָסט געציטערט
אין מיינע אָרעמס
ווי אַ וואָרקנדע טויב,
ווי בײַ אַ שפּאַרבער
עס ציטערט זיין רויב.
כ׳האָב דיך
זולל וסובא׳דיק געזויפט
אָן אַ ברכה
על הארוסין והנשיאין,
און ס׳האָט פאַרגלושעטע נאַכט
אין די אויערן געקלונגען,
און טויב־שטומע וועלטן
האָבן געברענט —
אש וגפרית
אויף אונדז געשיט,
און אין פאַרגעסנהייט
מיט אונדז געגליט
און נייע וועלטן געשמידט,
און געשריגן האָט נייגיר
אין בלוט
און עק וועלט מיט צווייטן
האָבן זיך באַהעפט
אין ווולקאַנישן גלוט
מיט דערשטיקט געשריי
פון פרײדיק וויי.
פרייד פון לייב,
פון ווייב —
פרוי, צויג,

שעפּערין פון לעבן,
אם כל חי —
אייביק אַלט, אייביק ניי.
דורות האָסטו געשענקט,
אין ווייען אויסגעקרענקט;
בעצב תלדי בנים
פאַר וועלט קיום;
ווייל לא לתהו בריאה
נאָר לשבת יצרה.
לייריקייט שרעקט,
טרייבט און וועקט
אין גיר
צו דיר, ווייב,
צו קנעטן דיין לייב,
ווי פעלד אונטערן אַקער,
אין וואולקאַנישן פלאַקער,
ואל אשך תשוקתך
האָט מען דיך פאַרשאָלטן.
גלוסט די זי
צום ער שטום,
און דער ער
לויפט נאָך די זי בלינד;
און ביידע נאַרן,
צאַפּלען אַזוי
מאַן נאָך פרוי,
פרוי נאָך מאַן
און בלייבן ווי נאָך דער קאָסע
דער ליידיקער לאַן
אויסגעדראָשן ווי אַ זאַנג,
אָן ריר, אָן קלאַנג.
און מוציא זרע לבטלה
גייען וועלטן אונטער,
כרת מעשה אונו
דעם טפה סרוחה —
אַ מצוה צו שווינען,

די ערשטע מצוה פון תרי״ג
פ ר ו  ו ר ב ו ,
ווייל דער גאָדקאַמער
פון דער וועלט,
וואַרט און שרייט
— ה ב  ה ב .
עלוקה האָט צוויי טעכטער,
דער מאַן פון דער ערשטער, —
אַ שטאַאַטסמאַן, אַ שאַרלאַטאַן
און דער צווייטער
דרייט דעם קראַן
פ ו ן  ג אַ ז ,
און די אַלטע עלוקה
צ י ט  י נ י ק ה
פ ו ן  ה אַ ס ,
וויינט מיט כעס,
וועלט־אונטערגאַנג
מיט יאָמער־געזאַנג.
— — — — — — — — —
ויבדל אלהים
פון פייער און דאַמף,
מיט צער׳דיקן קראַמף
האָסטו אונדז געגליט,
און מיט אַ צוואַנג
פון בראשית און כוף
צווישן האַמער
און אַמבאָס געניט;
אין פייער געדרייט,
אין וואַסער געקילט,
און אויף שטאָל
אונדז איבערגעשמידט.
— — — — — — — — —
און וואָס איז תכלית
פון דער וועלט,
אַז די גאַנצע יצירה

וואַרפסטו אום גאָט,
מיט בּרילנדיקן לייבּן־שטים
ווי אַ פּליצערן געצעלט,
ווי א בּיידל
אין אַ פאַרלאָזענעם גאָרטן;
פרעג איך דיך, אל זועם:
האָסט די לוי יצחק׳ס
אין בעלמנאָ לעבּעדיק בּאַגראָבּן,
אין מאידאַנעק פאַרגאַזט,
אין טרעבּלינקע דערשטיקט,
אין ציגיינער־לאַגער בּירקנוי
בּיי אָשוויענטשים פאַרבּרענט.
האָסטו געמיינט, אַז ס׳װעלן
קורץ זיין מיינע הענט,
און קיינער וועט נישט בּלייבּן
מען זאָל אים גלויבּן
צו דערציילן דיין לייטישע פיינקייט?
איך וועל דיר אַ שפּיו געבּן
אין דיינע צאָרנדיקע נאָזלעכער
אַז דו וועסט
אין דיין אייגן פייער
דערשטיקט ווערן
פאַר מיין פיין און טרערן,
און וועסט געדענקן,
על שלשים ועל רבעים!
אל מלא׳ס ווילסטו
מען זאָל דיר זינגען,
משוגע געוואָרענער גאָט?
— — — — — — — — —
און דערפאַר וואָס מיין מאַמע,
מיין בּרודער מיט פרוי און קינדער,
און מיין געליבּט ווייבּ
האָסט דו בּאַגאַסן
מיט קאַלך און כלאָרעק,
און זיי גראַבּלען נאָך די ערד

און די פינצטערע דאָמביער וועלדער
מיט בלוי־ברוינע פינגער —
וועל איך דיר אַזאַ קללה
וואַרפן אין הימל,
אַז די חוכבה
וועט פאַרשעמט ווערן.

— — — — — — — — — —

פרייז, און לויב גאָט סלה —
דיך פרייזן און לויבן,
ווייל דו האָסט אונדז געשחט׳ן
ווי שעפסן און טויבן?
און אָנשטאָט אַ קריעת ים־סוף
האָסט דו געשפּרייט פאַר אונדז
אַ נהר די נור
פון כעלמנאָ ביז בערגן־בעלזן,
און דו האָסט צו דער הייליקער טבילה,
אין היטלעריסטישע באָד־אַנשטאַלטן
געפירט זעקס מיליאָן
דיינע אונטערטעניקסטע קנעכט?

— — — — — — — — — —

יושב בשמים ישחק —
לאַך לאַך,
אַ קלאָג צו דיין געלעבטער,
אַלטער מענטשן־שעכטער;
אין קאַצעט האַט מען דיר
הללויה׳ס געזונגען
און די טרערן געשלונגען,
ווען די אוקראַינער האָבן אונדז
מיט גומי־בלייערס
אויסגעהאַקט די ציין
מיר זאָלן יידישע לידער זינגען,
האָב איך געוויינט;
איך נשיר על אדמת נכר —
האָב איך אַ ליידיק מויל אלס זכר.

— — — — — — — — — —

און צו ווען זאָל איך
מיין ביטער האַרץ אויסלאָזן,
אויב נישט צו דיר,
אל רחום וחנון
(קודשה ברוך הוא).
דו לאַכסט אודאי אַריין
אין דיינע גרייז־גראָע וואָנסן,
איך וועל דיך נישט חנפה'נען
„אין טרעבלינקע בין איך געווען".
— — — — — — — — —
עס רוט נאָך אויף מיר
די הייליקייט פון די חצותן
אין טונקעלן בית־המדרש.
איך פיל נאָך די צערטלעכקייט
פון סאמעט־פרוכת,
ווען כ'האָב מיין קאָפּ
אין איר איינגעוויקלט,
און אַריינגעוויינט
פאַר קראַנקע מאַמעס,
פאַר מקשה לילד'ס,
און דיך געבעטן
שלא יחסר חלב מדדיהן;
ציטער איך דאָך נאָך
פון דער צאַרטער לייטזעליקייט
פון ווייס־זיידענעם פרוכת
אין די ראש־השנה'דיקע
רחמים טעג,
ווען דער בעל קורא ישראל מעלער
האָט מיט מתיקות געלייענט:
וד' פקד את שרה,
(איך געדענק נאָך דעם ניגון).
און ווען איך מיט מיין מיידל
בין געשטאַנען אונטערן פענצטער,
מיין טאַטן הערן כל נדרי,
אַז כ'דערמאָן מיך מיין טאַטן,

דעם בעל מוסף
הענעך גוטערמאַן,
דאַרף איך אויסטאָן די שיך
ווייל דאָס אָרט
ווו איך דערמאָן מיין טאַטן,
איז הייליק, הייליק.
נאָר דו אַליין
האָסט זיך אַראָפּגעריסן,
רבונו של עולם,
האָסט פאַרשוועכט דיין הייליקייט,
כ׳קאָן קוים אַביסעלע
רחמנות האָבן אויף דיר.
און ווען דיין שארית ישראל,
(וואָס דו האָסט אויף
אַ רפואה איבערגעלאָזט)
וועלן מאָרגן שטיין אין שול
און געניצן פון לאַנגווייליקייט,
און די זון וועט זיך
אַ רויטע זעצן אין מעריב זייט
און אירע לעצטע שטראַלן
וועלן זיך קושן
מיט די שפּיצן פון סאָסנעס,
און פרומע יידן
וועלן זיך שטעלן צו נעילה,
און מיר וועט אַ צופּ געבן
אין ווייטעגדיקן האַרץ
אַנ׳אַלט פאַרגעסענער ניגון:
היום יפנה השמש יבוא ויפנה —
וועל איך דיר להכעיס
צו זיי נישט אַריינגיין;
צעפּלאַצט זאָל איך
פון בענקשאַפט ווערן,
און דערשטיקט פון טרערן,
נאָר דיר וועל איך נישט
צוליב טאָן און באַסטאַ.

פעלדאַפינג, עליזאַבעט־שפּ.
ערב יום כפור 1946

# מיט די פיס אויפן טיש

אַ גרוס צו מיינע שוועסטער און ברידער
אויף יענער זייט ים.
ערשטנס זייט וויסן,
אַז מיר האָבן אויסגעטרונקן אין געטאָ, קאַצעט,
ביזן דעק, דעם ביטערן כוס סם;
והשנית האָב איך צו אייך נישט קיין טענה,
ווייל וואָס זיינען מיר בעסער,
חשובער און גרעסער
פון אַנדערע אחים לצרה,
וואָס זיינען ביי אומגליקן גרויסע
אויך אַליין די כפרה?
עלעהיי אַ פאַרפלייצונג אין כינע,
ס'ווערט חרוב ערגעץ אַ מדינה,
אַן ערד־ציטערניש אין מעסינע,
אַן אַטאָם־באָמבע אויף נאַגאַסאַקי,
דאַרף מען זיך איבערנעמען טאַקע?
איז וואָס, אַז מיר זיינען געוועזן
מיט דער ראַל־קאָמאַנדע אין געטאָ,
אין אַ געזעלשאַפט פון ס. ס. נעטע,
אין אוישוויץ, דאַכאו, שטוטהאָף
און אין אַנדערע קאַצעטן?
געפאַלן טויט פון הונגער
און בלאָטע און קלאָזעטן;
איז וואָס? מה רעש?
טאַקע קאַצעטלער מיט סטאַזש,
פון בערגן־בעלזן, מאטהויזן,
מען האָט אונדז געהאַקט די ציין
פאַר דער אייגענער העמד אויסלויזן;

געפּייניקט זיך אין נויט,
אין קאַמערן פון טויט,
דערשטיקט פון כלאָרעק און גאַז,
נאַקעט, באָרוועס, געפרוירן
אין רעגן, שניי און אייז
און געפרעסן האָבן אונדז
קאַפּאָס, ווערים און לייז.
איז וואָס מיט אונדז דער יחוס,
אַז מיר האָבן אויסגעפירט אַזאַ הייליקע שליחות?
אַז אַ זון אַ טאַטן אַ שטיינער
האָט אין גרוב געוואָרפן ווי אַ פּגר.
נעמט אייך שטאַרק נישט איבער,
ס'איז בעסער און ליבער,
נישט דאָס אַלץ צו וויסן,
אַז מיר זיינען געוואָרן אויסגעריסן.
דער אַפּעטיט קאָן אייך קאַליע ווערן —
נייט שוין, נייט, וואָס איז בלוט און טרערן?
וויסנשאַפטלער דערקלערן,
אַז אַ טרער
איז נישט מער
ווי אַ כעמישער געמיש.
גלייכער זיצן געמיטלעך, רואיק
מיט אַ האַוואַנאַ אין מויל
און מיט די פיס אויפן טיש.
אין ערנסטן פאַל, פאָרט מען זיך איבער
אויף אַ „דזשוויש"־קאָנפערענץ,
מען וואַרפט אַריין אַ וואָרט
וועגן דאָס, וועגן יענץ,
און טאַקע עלעגאַנט,
אין סמאָקינג, מעשה פראַנט,
און דאָס ווייב באַהאָנגען, באַצירט,
וואַרפט זיך מיטן טיפן דעקאָלט
און מיט פערל באַשנירט
און אַנדערע ביזשוטעריע,
און מען הערט ריידן רחמנות'דיקע רייד —

וועגן דער שארית־הפליטה־מענאַזשעריע,
וואָס איז געבליבן אַ רעשטל צו די צרות,
איינער דאָ, איינער דאָרט,
און מען קאַרגט נישט קיין גוט וואָרט;
און אַ גרויסער נדבן, אַ פילאַנטראָפּ
באַדויערט אונדז, שאָקלט מיטן קאָפּ;
און אַ גראַנד־דאַמע, אַ „מיסס",
לאָזט אַ טרער אַ פערלדיק־סענטימענטאַלע —
ס'הערצל טוט נעבעך וויי, אַ שאלה!
מען גייט אַ היים, יוצא און פטור
און ס'העלפט ווי אַ קראַנקן אַ טאָטער.
איז ווי זאָגט מען? — מילאָ־מאַ.
האָט מען געברענט און געבראָטן
די שוועטער און ברידער
פון „אָסט" און „וועסט",
און זיי זיינען געפאָלן ווי פליגן
פון טיפוס, הונגער און פעסט.
האָט מען אונדז געהאַקנקרייציקט,
געפערטלט און געשניטן,
האָבן יאָרן — זעקס אייביקייטן,
פון שרעק און פיין
געפרוירן אונדזערע בלוטן.
מיט שוועסטער־ברידער־קברים
פאַרפלאַנצט אייראָפּעס ערד
פון שונא'ס שאַרפן שווערד.
האָבן הימלען זיך געשפּאָלטן
פון אונדזער הילפלאָז געוויין,
פון דער וואָלגע ביז איבערן ריין.
און איר האָט אונדז געלאָזט
אויפן האַקן־קרייץ זיך צאַפּלען
און אין אייגן בלוט פאַרגיין.
עס זיינען די געפייניקטע לייבער,
פון אונדזערע קינדער און ווייבער
נישט געוועזן פאַר אייך „סלעק",
נאָר פּרימאַ־גוטע „פּובליסיטי".

אַ צייט פון ביזי־בזיון און פּראָספּעריטי,
פֿאַר אייערע „פּייפּערס" — גאָלדענע סענסאַציעס,
און פֿאַר די „סאָסייטיס" — פּלאַטאָנישע דעקלאַראַציעס,
אַ טעמע פֿאַר אייערע דיכטער און פּאָעטן.
און נעבאַפּט אויף אונדזער חשבון
האָט נישט איינער און „רעליף", „דזשאָינט"
און אין אַלע קאָמפּייגנס אַ דזשאָב אַ פּעטן.
ווער האָט אייך דערלויבט אונדז לעסטערן
און פֿון אומבאַהאָלפֿענע צו שפּעטן?
שאַפֿן פֿון אונדזערע ליידן און פּיין,
לידער, גראַמען און סאָנעטן
און לאָזן זיך נעבעך טרייסטן —
פֿאַר יעדן „קאָלום" מיט טשעקן פֿאַרגלעטן?
אי די לאַנג באַזעסענע,
שיער נישט פֿאַר זיי פֿאַרגעסענע,
אין די ערשט פּריש געבאַקן,
וואָס בלאָפֿן שוין און טשאַקן,
נישט לאַנג געוועזן אונדזערע וואָרט־זאָגער
און היינט וויינער און באַקלאָגער,
פֿון יעדער ריכטונג און פּאַרטיי
גענומען דעם עולם אויפֿן געשריי.
פֿון רעכט־שוואַרץ ביז רויט־לינק
אַלע זייט איר אַנטלאָפֿן פֿלינק,
און אַלץ לטובת הכלל.
רעדט די מאַסע ווענן אייך טאַקע
מיט גיפֿט און גאַל:
פֿאַרזאָרגער מ'שטיינס געזאָגט,
לידער, פּירער און גבאים,
געלאָזט ווער די ערה,
ווער די מאַסע ביי רשעים
און געראַטעוועט די אייגענע פעל,
ווען די הענקער
זיינען אַריבער אונדזער שוועל.
און איר האָט נישט געדענקט,
אַז מיר האָבן אייך

די שענסטע כבודים געשענקט,
אויף די פלייצעס געטראָגן און סיימען,
מיט אַ גוט לעבן און וואַרעמע היימען,
געקעמפּט פאַר אייך ערטער
אין קהילות און שטאָט־ראַטן,
און איר? — איר האָט אונדז פאַראַטן!
— — — — — — — — — —
און די יידישע גבירים, מיליאָנערן,
פון איבערן לאַמאַנש ביז סידניי —
אייערע אויערן זיינען טויב געווען
פאַר אונדזער וויי־געשריי.
אייערע „סייפס" האָבן זיך געמערט,
ווען אונדזערע אויגן האָבן געטרערט;
איר האָט געוווּנען נייע מאַרקן
אויף אונדזערע צעבראָכענע קאַרקן.
נאָר וואָס קאָן מען העלפן, אַז „מאָני"
איז ביי אייך טייערער ווי „טיים",
בפרט ווען מען האָט אַ גליקלעכע היים.
ווייסט כאָטש, אַז יעדער טראָפּן בלוט,
וואָס מען האָט אונדז פאַרגאָסן,
איז אין גאָלד פאַרוואַנדלט געוואָרן
און אין אייערע קעשענעס געפלאָסן;
און אַלץ דערפאַר, וואָס די שוואַרצע קאַץ
איז אונדז דעם וועג פאַרלאָפן,
און גליקלעכער־ווייזע האָט דאָס אומגליק
צו אייך נישט געטראָפן.
און איר האָט נישט אַ טראַכט געגעבן,
אַז אויך אַנדערש האָט חלילה
געקאָנט פאַסירן אין לעבן.
וווּ זייט איר געווען יידישע מיליאָנערן
פון איבערן אוקינוס, מעבר לים,
ווען אונדז האָט פאַרלענדט דער נאַצישער פלאַם?
ווו זייט איר געווען אין גרוילִיקער צייט,
אין אונדזער גורל דעם שווערן?
איז טאַקע פאַרשמאַלצט געווען אייער האַרץ

פאַר אונדזערע פּיין און טרערן,
ווען ברען־גריבער, גאַז־קאַמערן
האָבן אייערע ברידער און שוועסטער
אין די מיליאָנען געטאָן פאַרצערן?
מיר האָבן פאַרצווייפלטע אויסגעשטרעקט
צו אייך די הענט,
דורך דראָטן־שטעכיקע געטאָ־ווענט,
ווען מען האָט אייערע שוועסטער געשענדעט,
אייערע ברידער פאַרטיליקט, פאַרלענדט,
אונדזערע קינדער געברענט, געבראָטן,
געלאַכט האָט דער נאַצישער שטן
אונדז געבענדיקט און אויסגעראָטן,
און איר זייט פון ווייטן געשטאַנען,
וואָס איז צו ריידן אַ סך פאַראַנען
איז טאַקע „דאַלעי אָטשו — דאַלעי סערצא"?
זייט מוחל, כ׳האָב עפּעס פאַרגעסן,
כ׳האָב אַ קליינעם טעות געמאַכט,
אייערע „רעווערענדס" און „טשאַפּליינס"
האָבן נאָך דער געווונענער שלאַכט
אונדז מזוזה׳לעך און סידורים־בוק׳ס געבראַכט
(צו פאַרזאָרגן אונדזערע נשמות).
איז דאָס נישט הוזק געמאַכט?
איי, זאָלט איר מיר קרעפּלעך עסן,
שוועסטער און ברידער פון קאָלאָמבוס־מדינה,
איך טראָג נישט צו אייך קיין שׂנאה,
כ׳עס אייך נישט אויף פון קנאָה,
נאָר אַז מען דערמאָנט זיך
אָן אונדזער אַמאָליק מענטשלעך לעבן,
רינט פון מויל די שלינע.
אין די ביטערע טעג פון געטאָ,
זיינען די מאָגערע קי
איינגעשלונגען געוואָרן
דורך אָנגעפרעסענע קי פעטע;
אונדזער וויינען און בעטן
איז פאַרגליווערט געוואָרן

אויף קאַלט־שטאָלענע באַגגעטן;
מען האָט אין פּנים אונדז געשפּיגן
און איר?! — איר האָט געשוויגן!
איר פרייע בירגער פון יונייטעד סטעיטס,
שטאָלצע זין פון אַמעריקעס לענדער און שטעט,
פאַרוואָס זייט איר נישט כאָטש איינער
אַלס ייד צו אונדז געקומען?
נישט איבער ימים מיט מינעס צו שווימען,
נאָר אַ שטייגער, אָט מיט אַ פּאַראַשוט,
אַך! וואָלט איר אונדז געשטאַרקט דעם מוט,
עס וואָלט אַזאַ איינער אַ לעגענדע געוואָרן,
פאַר אייביקע דורות און וויטערע יאָרן.
עס האָט דאָס די הייליקע סענעש
מיט אירע חברים פון ארץ
ווי אַ שוועסטער און מלאך באַוויזן,
אַראָפּצופאַלן פון הימל
צווישן ס. ס.'מאַנישע באַגנעטן און שפּיזן.
ווייסט איר פאַרוואָס?
ווייל טשעק־ביכלעך
זיינען ביי איר אין בוזעם נישט געלעגן,
און בערזע־פּאַפּירן
האָבן נישט געציטערט אין אירע הענט,
נאָר ס'האָט ליבע צו איר פאָלק
און נקמה צום פיינט אין איר האַרץ געברענט.
וואָס האָבן געטראַכט אייערע טעכטער און זין,
געבוירן און דערצויגן אין אַ פריי־לאַנד,
וואָס האָבן נישט מיט דער מאַמעס מילך
איינגעזויגן דערנידערונג און שאַנד?
געזונט פיזיש און אין גייסט
באָקסן, פייטן, העלדיש, דרייסט,
מייסטערס אין גאָלף און אין אַנדערע ספּאָרטן,
וואָס האָבן זיי געטאָן פאַר אונדז דאָרטן?
לאָזט מען אויסגיין אַן אייגן פאָלק אין בלוט,
ווייל ס'איז פאַר זיך באַקוועם און גוט,
ווייל צו אייך האָט נישט דערגרייכט

דאָס בילן פון האָרסט־וועסעל־ליד:
„ווען דאָס יודען־בלוט פון מעסער טריפט"
און נישט געפייפט האָט איבער אייך
די היטלעריסטישע בייטש
האָט איר נישט געוואָלט וויסן דעם טייטש —
וואָס עס הייסט ס.ס.׳מאַנישע רציחה
און געטאָ, קאַצעטן — ביים דייטש?
איך בין אייך אַ גוטע פריינט,
שלעכט געזאָגט, נאָך גוט געמיינט,
מיין עצה הערט! איר זאַלט גאָרנישט גלויבן,
די „לעטערס" און „פייפערס" זיינען
הומבוג און בלאָף,
שטערן בלויז רואיקע בירגער דעם שלאָף;
די רעדנער — געשליפענע צינגער, טשאַקן
מייסטערס אויף אַ טשייניק־האַקן,
האָסט געגעבן אַ דאָלאַר
אויף אַ „דזשויש פיפל קאַמפיין",
ביסטו לייטיש, פיין און נעט
קאָנסט שוין זיצן מיט דער ווייב,
אָדער געליבטע אָט אַזוי
געמיטלעך, „טעט אַ טעט"
און כאַפּן פון אַ לינקער ליבע אַ גלעט, אַ קוש
און פון גליק וואָס דינט איבער דער באָרד
— מיט די פיס אויפן טיש.
און צי ווייסט איר. אַז צום גליק
האָבן יידישע טעכטער אין געטאָ
קיין קינדער געבוירן?
ווייל זיי האָבן פאַר שרעק און הונגער
די פרויען־צייט פאַרלוירן?
נאָר צו וואָס זאָלט איר זיך איבערנעמען,
פון אונדזערע צרות ס׳האַרץ קלעמען.
צווישן אונדז גערעדט
ווער איז געבליבן
מ׳שטיינס געזאָגט אין „יוראָפּ"?
שלעפּער, שנאָרער, בעטלער,

פאַרלייזיקטע קאַצעטלער.
אַז איר שיקט אַ צעקראָכן קלייד,
צעריסענע שיך, אויסגעריבענע הויזן,
מאַכט נישט אויס, אַזעלכע ווי מיר
קאָנען גיין מיט אַ הינטן אַ בלויזן.
אפשר מיינט איר, ווייל כ׳בין פאַרביטערט
שרייב איך ווערטער געמיינע?
לאָזט געמאַכט,
איך האָב צו קיינעם קיין טענה;
כ׳בין אַ מענטש אַ שטילער.
כ׳טראָג מיט יסורים מיין אייגענע שאַנד,
נאָר ווען איר גיט אַ שרייב צו אונדז:
שלאָגט אייך קאָפּ אין וואַנט —
וואָלט עס געווען אונדז צו געזונט
און אייך אויף דער האַנט;
נאָר ס׳איז אַ צרה —
ווי זאָגט ביאַליק?:
„כ׳בין געשטראָפט פון גאָט מיט האַרץ,
מיט אַ דיכטערישן פונק,
כ׳האָב ליב רייד פּראָסטע,
נישט פּלאָנטן מיטן צונג.”
נאָר כ׳שטעל מיר אַזוי פאָר —
ס׳איז גוט צו זיצן אין אַ וואַרימען האָל,
ריין, ציכטיק, מיט שלוה — געמיט
און דער ראַדיאָ „דזשעזעוועט” אויס
אַ דזשונגליש פאַרבענקט נעגער־ליד,
און מען זיצט ביי אַ לאַנטש
מיט ווייב און קינד
און ס׳זיצט אַ געראָטן טעכטערל אויפן שויס
און דער טאַטע קושט איר
די בלויע אויגן אויס,
און דאָס בני־בית געמיטלעכע עסן,
(מיר האָבן לאַנג שוין דאָס פאַרגעסן)
און אויפן טיש געדעקט
מיט אַ פיינעם סערוועט

שטייט אַ געשליפֿן גלאָז
מיט בורשטין־פּיינעם טיי
און ס׳שמעקט אַרויס דער צאַרטער ריח
פֿון אַ וואַקס־געל שטיקל ציטרין.
אויפֿן זכרון קומט אַ פֿאַרגעסענע סטראָף,
וואָס צערטלט ווי זיסער שלאָף:
„קענסטו דאָס לאַנד ווו די ציטראָנען בליען?״
און מען פֿאַרבייסט מיט אַ סאַנדוויטש
פּליוש, שינקע „ראָזמאַרין״;
ס׳מאַכט נישט אויס אַ גוט שטיקל יידישע פֿיש,
און טאַקע מיט די פֿיס אויפֿן טיש.
— — — — — — — — — —
מאַלצייט, מאַלצייט,
שוועסטער און ברידער
ווי זאָגט יעקע?
„גוט שלאָפֿן, גוט פֿאַרדייען,
מאַכט דאָס לעבן דעם מענש באַנייען״,
איר זאָלט הס וחלילה נישט געפּרוווט ווערן,
איר זאָלט נישט צו גלויבן קומען.
איך פֿאַרענדיק מיט אַ קניפּ און אַ שלייף
און איך שיק אייך אַ כשר שטיקל זייף
פֿון אייערע שוועסטער און ברידער,
וואָס מען האָט פֿאַרברענט
איר זאָלט אייך נאָכן געלייענטן בריוו
קאָנען וואַשן די הענט,
כדי איר זאָלט זיך נישט „זאַראַזשען״ חלילה...
און אויב כ׳האָב אייך אָנגערירט מיט אַ וואָרט,
— בעט איך אייך מחילה.

**בערגן־בעלזן — מינכען 1945**

# דער קרומער שמייכל

און ווייל איך ווייס נישט
וואָס ס'איז גוט און וואָס איז שלעכט,
בלייב איך ביי מיינע ספקות א קנעכט;
און קעגן האַרץ און שכל
בלייבט הענגען אויף מיין פנים,
וואָס אַ העלפט לאַכט
און די אַנדערע וויינט
— אַ קרומער שמייכל.
כ'האָב קיין נקמה נישט גענומען
און ווי אַזוי זאָל איך נעמען נקמה,
אַז איך בין אַ מענטש, אַ טמא,
אַז איך אַליין בין שולדיק,
כ'האָב דער'הרג'עט אַ מענטש,
כ'האָב דער'הגר'עט זיך אַליין;
און ווער פון אייך ס'איז ריין פון זינד
זאָל וואַרפן אין מיר דעם ערשטן שטיין;
און ווייל ס'איז קיין וואַרפער נישטאָ
פאַרשעלט איך מיין געביין
און גיי אַרום אַ פאַרשאָלטענער
מיט אַ געקין'טן שטערן,
מיטן צאַפלדיקן האַרץ אין די הענט,
כדי פון יעדן צו ווערן דערקענט.

— — — — — — — —

עס ריידן צו מיר די אויגן
פון מיין אומגעקומענער פרוי,
און עס ריידן צו מיר די אויגן
פון אַלע אומגעקומענע קדושים
פון מיין פאָלק.

און זיי זאָגן מיר,
און זיי דראָען מיר,
מיט קויל־פאַרברענטע פינגער:
„דו, טמא־מענטש״!
„דו אומווירדיקער״!
ווען מען האָט אונדז אויפגעלאָדן
ווי בהמות צו דער שחיטה,
אין יענע טעג די וויסטע,
האָסטו געטראַכט וועגן ברויט,
דיין הונגער צו זעטן;
צו אַנטלויפן פון טויט,
דיין לעבן צו רעטן.
דו ביזט דאָך אַ דיכטער,
וועסטו לידער שרייבן,
אויסערגעוויינלעכע לידער,
פון אַ „סענסאַציאָנעלער״ צייט;
שפּעטער אין דער ווייטער ווייט,
אויב דו וועסט לעבן בלייבן,
(אַזוי ווילסטו דאָך גלויבן),
עס קאָן דאָך געשען אַזאַ נס,
עמיצער זאָל זיך ראַטעווען פון די ס.ס.
און איז נישט גערעכט געווען מיין פרוי,
די מאַמע פון מיינע קינדער אויכעט,
ווען זי איז געשטאַנען
אונטער די הענט פון שוחט;
ווען דאָס מעסער האָט געבליצט
מיט קאַלטן פלאַם
ווען מען האָט געטרונקן
טאָג־טעגלעך פּיין און שרעק,
טראָפּן נאָך טראָפּן ביטערן סם.
און געברענט האָבן אוווּנס
מיט גליענדיק פייער,
אַז פאַרלעשן האָט זיי נישט געקענט
אונדזער טרערן־ים.
איך געדענק אַ שניט

זוי אַ שווערד שאַרף
איבערן מה האָט אַ קלינג געגעבן:
„די לויטע רעכטס און די לינקס",
און איך בין אָפּגעשניטן געוואָרן
פון מאַמע, פרוי און קינד
זוי אַ שטיק אבר מן החי
אַן „אוי" אָן געשריי.
און דו מיין פרוי
מיט דערשטיקט געוויין
ביזט אַן אויגנבליק
ווי אַ געשאָסענער פויגל אין פלי
געבליבן שטיין
און אויף מיר אַ קוק געגעבן.
איך זאָל אַזוי לעבן
(אויב דאָס הייסט געלעבט)
ווי איך האָב געהערט
און איך הער נאָך
ווי דו האָסט געזאָגט:
(אַזוי האָסטו געדאַרפט זאָגן)
„אומווירדיקער! גייסט נישט מיט דער
וואָס דו האָסט געליבט אַזוי
— מיט דבורה'ן דיין פרוי"?
דו בלייבסט! ווען איך מיט די קינדער
גייען צום שונא אויף רויב,
אויף איש און שטויב?

— — — — — —

דערפאַר קאָן איך נישט נעמען נקמה,
כאָטש לאַנג איז באַזיגט דער פיינט
און איך האָב געמיינט —
אויב נישט נעבטן, איז היינט
וועל איך מיט זיך שלום ווערן
און, אַז עמעצנס אַ האַנט אַ מילדע
וועט אויסווישן מיינע טרערן;
איז אָנשטאַט אַ האַנט, מילד
לויף איך אויף ברענערדיקער ערד

מיט צעשויבערט געמיט,
משוגע ווילד,
עס פאַלט אויף מיר די צייט שווער
און קיינער דערהיט נישט
מיט בריענדיקער טרער.
און, אַז ס׳שמייכלט צו מיר
אַ קינד אויף דער האַנט פון אַ דייטשער מאַמע,
(און וואָס איז שולדיק אַ קינד,
אַזאַ ברעקל איז דאָך ריין פון זינד) —
ראַנגלען זיך אין מיר, צוויי מלאכים;
אַ גוטער און אַ שלעכטער
און כ׳ווייס נישט ווער ס׳איז גערעכטער;
צי זאָל איך שמייכלען צוריק
און ענטפערן אויף קינדעריש גליק,
אָדער זיין ערנסט ווי דער טויט —
„אַ שיינע ריינע כפרה, אָפּגעגעבן ברויט".
און ווייל איך ווייס נישט
וואָס איז גוט, און וואָס איז שלעכט,
בלייב איך בייי מיינע ספקות אַ קנעכט,
און קעגן האַרץ און שכל,
בלייבט הענגען אויף מיין פנים,
וואָס אַ העלפט לאַכט
און די אַנדערע וויינט
— אַ קרומער שמייכל.
— — — — —
איז ווי אַזוי זאָל איך נעמען נקמה,
אַז כ׳בין אַליין אַ מענטש אַ טמא,
אַז איך אַליין בין שולדיק,
— כ׳האָב דער׳הרגעט אַ מענטש,
כ׳האָב דער׳הרגעט זיך אַליין.
און ווער פון אייך ס׳איז ריין פון זינד,
זאָל וואַרפן אין מיר דעם ערשטן שטיין.

**בערגן־בעלזן, נאָוועמבער 1945**

# באלוט

לאָדזש!
אין דיר, דער שטאָט
פון שעוויאָט, רויך און בלאָטע,
וווּ פאַבריקן שטייען שטאָטס פאַרקן
און קוימענס וואַקסן שטאָטס בלומען —
האָט מיין מאַמע אירע ווייען
ביים געבורט מיינעם באַקומען.
מען האָט דיך גערופן
דאָס „צוגעזאָגטע לאַנד״
און נאָך יאָרן צענטליק
מיין ברוסט באַדעקט האָסטו
מיט געלן לאַטע־שאַנד.
אונטער שטעכל־דראָט אין געטאָ
געווען בין איך פאַרמאַכט
טויזנט פינפהונדערט מעת־לעתן
זיך געפּייניגט טאָג און נאַכט.
באַלוט!
כ'האָב אין רינשטאָקן דיינע
שיפלעך מיט חלומות בלויע
געלאָזט אין וויטן שווימען,
און זיי זיינען, פול טרערן,
פון כעלמנאָ־מאַידאַנעק
צו מיר צוריקגעקומען.
האָב איך אויסגעשטרעקט

מיינע בעטלדיקע הענט צו זיי,
עמערוויז, טרערן געשעפּט
מיט יאָמערלעך געשריי,
און פון קרוגן שוואַרץ
געגאָסן האָב איך זיי
אין צעווייטיקט האַרץ,
אין ים פון פּיין און וויי.
אין חושכדיקער נאַכט
ביי ברענענדיקע גריבער־שיין,
האָב איך געזען מיין פרוי
פאַרגיין דאָרטן אין געוויין;
און אין איר לעצטן צאַפּל
האָט אַ פונק פון גליענדיקן
קרבן עולה־פייער
אין מיין אויגן־אַפּל
מיר אַ שפּריץ געגעבן —
און אויף אייביק
בלינד געמאַכט מיין לעבן.
איך זע אויף דאָרטן ליגן
פאַרקוילט, מיין קליינע מאַמען,
און אַ שאָד, אַ גרויסער שאָד —
וואָס כ'בין נישט מיט זיי צוזאַמען.
לאָדזש!
עס וואַכן דיינע קוימענס איבער דיר
ווי כהנים ביים הייליקן מזבח;
און ס'גייט אויף דיין קטורת אין מיר
מיט פעטיק שוואַרצן ריח.
באַלוט!
זיס איז מיר געוועזן ס'געזאַנג
פון דיינע וועבער יונגען;
איך האָב זיי איינגעזאַפּט אין האַרץ,
איינגעאָטעמט אין מיינע לונגען.
לאָדזש!
האָסט פאַרשטעלט מיר די זון,
די פּראַכט פון גראָז און בוים;

איך האָב קיין אַנונג נישט געהאַט
פון מינדסטן צאַרטן בלימל,
פון תבואות, וואָס שמייכלען
צום טיף בלויען הימל.
באַלוט!
ס'האָבן שקצים מיט הינט
פאַרסמט מיר דאָס לעבן.
מיין קינדהייט ווי אַ קאַשמאַר
דעם טייוול האָב איך אָפּגעגעבן.
זיינען אין פּיין און שרעק
יאָרן אייליק געלאָפן
אין אומזיסטיקן וואַרטן,
און אָפּגענאַרטן האָפן.
האָבן זין־טאַטעס געזעגנט און
איבערגעלאָזט טרויעריקע מאַמעס.
אין בית המדרש איז זיצן געבליבן
אַ בייזער פינצטערער שמש;
ווייל געווען זיינען צייטן
פון וועבעריש ביטערע יאָרן:
זיינען איידעמס און זין
אין ווייטן אַמעריקע געפאָרן
און יידישע טעכטער באַחנטע
האָבן פאַרלאָזט מאַמעשע תחינה,
און ווי פייגל אין נעץ,
געלאָקט פון קרישקעלעך ברויט —
אַוועק נאָך אַרגענטינע.
איך געדענק זיי ווי אין חלום,
שכנות פון באַלוטער הויפן:
(מגושמע יידן פון ווייטן
זיינען געקומען זיי קויפן)
פייגע, אסתר, מאַטל צירל;
איך טראָג אייך אויפן האַרצן,
ווי פּערל אויפגעצויגן
אויף אַ זיידן שנירל.

— — — — — — — — — —

איך געדענק די „אחדות־יונגען"
שמאי קרומקאָפּ, הערש מענדל קינצקער
„זי" „איר" און „אַבסאָלוט" —
ווערטער, דאַן נייע שפּאָגל.
ס'האָט געפּלאַצט דער צאָרן
ווי אַ פאַרשימלט אַלטער לאָגל.
דאָס האָבן די פינפער יאָרן
פאַרקריצט זיך אין זכרון:
אַ בלוטיקער פרייטיק אויפן עקראַן,
אַ דערהרגעטער קאָזאַק פאַרקוועטשט
אַ צעבראָכענעם נאַגאַן.
רויטע פענער און באַריקאַדן
פון צעשניטענע טעלעגראַף־דראָטן,
און ס'האָט געהוליעט קאַזנאַקאָוו —
אַ שוואַרצער, בלוטיקער שטן.
— — — — — — — — — — —
די לערן־יונגען, די וועבער געזעלן
פון זיידן פישעלעס שטוב,
אויסגעפּרעסט האָבן ביי מיר
דעם ערשטן שמייכל,
און זייער זאָרגלאָז געלעכטער
אָפּגעקלונגען האָט
אין מיין קינדערשן היכל
— — — — — — — — — — —
עס האָבן פאַבריקן־סירענעס
צעקלאָגט זיך יעדן באַגינען,
און דער טאַטע, מיין ליבער,
איז צו דער אַרבעט געלאָפן
איידער דער טוי איז צערינען.
און ביי די פושעמאָל(*־טריט
האָט ער גענוטשעט דאָס ליד:
„די אַרבעט טרייבט מיך פרי אַרויס,
און לאָזט מיך שפּעט צוריק;
פרעמד איז מיר מיין אייגן לייב,
פרעמד מיין קינדס אַ בליק".

(* וועבער טערמין

און מאַמעס האָבן געזוכט
אין רייכע גאַסן און הויפן
אַ זעקסער אַ קופּערנעם, האַרטן,
פֿאַר די הונגריקע קינדער
אַ לעבעלע ברויט צו קויפֿן.
זי זיינען געקומען אַהיים
פֿאַרמאַטערט, צעבראָכן און מיד.
און ס׳האָט דאָס לעבן שווערע,
ביטערע טראָפּנס ווי גאַל
אַריינגעטריפֿט אין מיין ליד.
נאָר שבת איז ליכטיק געווען:
מען האָט מיט דער וואָך
אויף אַ מעת־לעת געשלאָגן כפּרות.
און אַז ס׳איז קיין נאַפֿט נישט געווען
אין די לאָמפּן צוגיסן —
איז ליכטיק געווען
פֿון טאַטנס מלאכי השרת.

— — — — — — — — — — —

כ׳האָב זיך אין מיין קינדהייט
מיט צאַצקעס נישט געשפּילט:
צו דריי יאָר האָט מיך דער טאַטע
אין פעטער שמעונס חדר געטראָגן
אין אַ טלית איינגעהילט.
האָב איך קינדער געטראָפֿן
מיט „פּעקלעך” אין אַ „ווינקל”
פֿאַרוויינטע און בּאַראָצטע שטיין —
בין איך אַזש פֿאַר שרעק
זיך פֿאַרגאַנגען אין געוויין.
איך האָב פֿאַר בושה געגליט,
נאָר אין זכות פֿון דער מומע מאַשע,
בין איך פֿון פּעקלעך געווען פֿאַרהיט.
און ס׳האָט דער „מלאך פּימפּער”
אין געשטאַלט פֿון דער מומען,
קאַרמעלקעס אויפֿן סידור,
ווי מיט האָפֿן אַ חתן באַשיט.

דאָס טישל געווען איז קליין
איך — אויפן „קלעצל" דערהייכט.
האָב קוים מיט דער נאָז
צום נידריקן טישל דערגרייכט.
נו, נו — נוקעט דער רבי —
אַ פינטל פון אויבן איז אַ חולם!
איך שטיי מיט שרעק אויפן קלעצל,
און דער רבי שרייט,
אַז איך בין אַ גולם.
ווייטער, ווייטער — טייטלט דער רבי —
און ווינקט מיט אַן אויגל,
איך מיט טרערן אין די אויגן
זע — פאַרביי פענצטער, פליט אַ פויגל.
מען זיצט אויף דער ערד מיט שרעק
פאַרן בעלפער מיט געליאַמעטע אויגן,
און מען זינגט מיט כונה געפיל
די קעפלעך צוזאַמענגעבויגן:
קוימענקערער, טשופּ, טשופּ,
פאַל אַראָפּ,
נעם אַ טאָפּ,
צעברעך דעם קאָפּ,
נעם אַ גלעזל,
צעברעך דאָס נעזל,
אָדער:
אסתר, מיין שוועסטער, צוקער פאַפּיר,
ווען איך וויל, קוק איך אויף דיר,
אַז מיר זיינען געבליבן אין חדר
אין פאַרנאַכטן, אומעטיק־שטילע,
האָבן הערצלעך שטאַרקער געקלאַפּט,
געפּרעפּלט האָבן ליפּעלעך אַ תפילה.
האָבן מיר זיך פאַר מורא
אין אַ ווינקל פון חדר פאַרשלאָגן,
מיט פינגער אין מערב געטייטלט
אויף זון־אונטערגאַנגען רויטע,
אַז דאָרט, ווייט אין גיהנום,

מיט פייערדיקע ריטער
שטראָפט מען אודאי די טויטע.

— — — — — — — — — — — —

איך האָב אין מיין קינדהייט
זעלטן געזען אַ הימל אַ בלויען;
מיינע באָרוועסע פיסלעך
האָבן זיך קיינמאָל געטיקט
אין מילך־ווייסע טויען.
גאָלדענע פישלעך פון זילבערן טייכל,
האָט מיר פאַרביטן אַ פאַרשטינקענער „סטאָוו";
און אָנשטאָט אַ ליכטיקע שולע —

— — — — — — — — — — — —

כ׳האָב אויך אין מיין יוגנט
נישט געזאָסן פון לעבן.
און איך קאָן מיר מיין גורל
ביז היינט נישט פאַרגעבן.
אַז אין גאַנג פון דער זון,
און אין רוישן פון ווינט,
האָב איך געהערט זיפצן מאַמעס
איבער פאַרהונגערטן קינד.
זאָל איך נישט וווּנדערן
וואָס איך שרייב אַצינדער:
איך אַליין בין געווען
צווישן די וויינענדיקע קינדער...
נאָר אין פריע באַגינענס,
ווען איך בין אין בית־המדרש
צום שעור, פאַרשלאָפן געגאַנגען,
האָב איך געהערט מלאכים —
זינגען, שירה־געזאַנגען.
און זיילן ליכט
פון געוואַשענע זונען
זיינען אין שטראָזן הפקר געלעגן,
און מיין חבר איטשעס שוועסטער,
חנה׳לע, אין קליידל אין ווייסן,
אין דמיון קומט מיר אַנטקעגן.

האָב איך דעם שטן פֿאַריאָגן
געוואָלט ווי בייזע פֿליגן —
„מכשפה לא תחיו״ געפּרעפּלט,
און דריי מאָל אויסגעשפּיגן.
האָט מיר דער ימח־שמוניק
אין האַרצן אַ טאָרקע געגעבן —
אַז ער זאָל אין גיהנום
צו קומען נישט דערלעבן! —
ס׳שטייט, זאָגט ער אין תנ״ך
שוואַרץ אויף ווייס געשריבן:
— און „דייבערט״ מיך איבער
מיט בפּירושע ראיות זיבן —
אַז דוד המלך האָט אַ מיידל
צו זיך גענומען אין געצעלט,
ער זאָל אויף דער עלטער
נישט ווערן געפֿראָרן פֿון קעלט.
און דו ביסט נאָך יונג,
און פֿטר׳סט אַוועק די יאָרן —
נאָר... אַ היצל מיט צעהאַווקעטע הינט
איז פּלוצלונג אַקעגן געפֿאָרן,
זיין ביימש האָט געקנאַלט,
געפּייפֿט און געשמיסן —
דאָס האָט דער יצר־טוב מיר
די שלעכטע מחשבות איבערגעריסן.

— — — — — — — — — — —

איר ווילט וויסן מיין שטאַם?
פֿון שלשלת היוחסין די קייט?
— כ׳בין קיין כהן, קיין לוי —
זי גרייכט גאַרנישט ווייט:
מיין עלטער זיידע איז
אין פּשעדבאָרזש אַ רבֿ געווען,
פֿון קעז־פּוטער דערצו אַ שווייגער;
איידער פֿון תורה צו ציען פּרנסה,
איז ער גרייט געווען שינדן אַ פּגר.
מיין זיידע, אַלטער שעיה,

געווען איז אין רזשגיוו
אַ שוחט פּיעכאָטנער אין דערפער
און שטענדיק מיך חולין געלערנט.
— אסור, כ׳ווייס, צו ער האָט אויך
אַן אַנדער מסכתה געקענט —
מיין טאַטע, זכרונו לברכה,
איז ביים זיידן פישעלע געווען
אַ לערן־יינג, אַ וועבער געזעלן.
פאַר זיין שטילקייט און זינגען
איז ער מיין מאַמען געפעלן.
דער טאַטע — הויך און שיין,
ערלעך, פשוט און פּראָסט —
אַז די מאַמע האָט זיך אַמאָל
אין זיינע אויגן גרינגע פאַרקוקט,
האָבן אירע אַכצן יאָר געפּיבערט,
געציטערט ווי אין פראָסט.
די מאַמע, עליה השלום, געווען איז
איידל, קלוג און באחנט;
און דער טאַטע האָט זי
געאַכט, געקריינט און באַשיינט.
„אַז דיין ווייב איז אַ קליינע,
בויג זיך צו איר איין"! —
דאַרף מען דעם מאמר
פון דער גמרא מקיים זיין;
האָט ער זיך צו איר
מיט זיין „גידל" געבויגן,
און דער מאַמען זיינען טרערן
געשטאַנען אין די אויגן.
קיינמאָל „דו!" איר נישט געזאָגט —
נאָר: בלימה, זיי אַזוי גוט,
און זיינע האַרציגע ווערטער
זיינען טיף אַריין אין מיין בלוט.
— — — — — — — — — — — —
דער זיידע — אַ תלמיד מובהק —
איז געווען פון תפארת שלמה

און זיך געחברט
מיטן רבי „חסד לאברהם"
דער טאַטע — נישט אויסגערעדט
זאָל זיין — אַהין און אַהער;
אַמאָל נאָך אַלעקסאַנדער,
אַמאָל גאָר נאָך גער.
איך האָב דעם רבין פון גער
אַמאָל שלום געגעבן;
כ'האָב געציטערט ווי אַ פיש —
מיר זאָלן אַלע אַזוי לעבן;
כ'האָב די שליפיעס אַראָפגעלאָזט,
ווי טרפה־מעסער צו דער ערד —
איך בין זיכער געווען,
אַז כ'בין דעם שלום נישט ווערט.
אַז די שכינה ביי מיר
געווען איז אַ נקבה,
און די מטרוניתה פון זוהר
האָט געוועקט אין מיר תאוה.
און סתם הוריות, בוריות,
איז דאָך זיכער מיין מפלה.
צו ווייסט נישט דער רבי
אַז: אם כל חטאת איז בטלה?
האָב איך מיין קאָפ
מיט מחשבות זרות
צו דער ערד אַראָפגעבויגן,
ווייל כ'האָב געפילט למפריע
אַ פאַטש מיט פונקען פאַר די אויגן.
צום סוף־שטייט פאַר מיר
אַ ייד, נעבעך צעבראָכן און קליין
— כ'בין שיר פאַר רחמנות
צעגאַנגען פון געוויין.

— — — — — — — — — — — —

דעם טאַטנס פירוש פון פיוט,
און זיין סיני־נגונים זינגען,
אין מיין וועזן אויף אייביק

זיינען מיך אַריינגעדרונגען.
מיין טאַטע, זכרונו לברכה,
האָט ליב געהאַט זוניקע פעלדער.
פון וועלדער, טייכן דעם ריח —
און געשטאָרבן פון הונגער איז ער
אויף געטאָס מולך־מזבח.
נאָר איך האָב מיך פאַרעדט,
כ׳האָב געזאָלט דערציילן
פון מיין טאַטן, דעם
באַלוטער וועבער אויף לוין —
(פון זיין זון, וואָס ט׳געזאָלט זיין)
פון דער משפחה די קרוין.
אַ רב אין אַ קהילה־קדושה —
האָט מיך די מאַמע
שוין געזען אין טרוים,
ווען כ׳האָב די פיסלעך
אָנגעהויבן שטעלן קוים.
און דער טאַטע, מיין ליבער —
מיט אויגן פריידיק פאַרטרערט,
זיין זונס רבנישע דרשה
האָט אין חלום געהערט.
בין איך גאָר — אוי, וויי! —
לתרבות רעות אַרויס,
און פאַרלאָזט מיט חרפה
דעם טאַטנס אָרעם הויז.
און בין געוואָרן להכעיס
אַ פּראָסטער וועבער־יונג,
זיך פאַרפלאָכטן אין דער קייט
פון באַלוטער אַרבעטער־ריננג.
בין איך אויף „מלינאַרסקי“,
און אין שמאָלן געסל געלאָפן,
מיט חברים אויף דער „בירזשע“
נאָך דער אַרבעט זיך געטראָפן,
מיט „יונגען“ און „מיידן“,
זיך געדרייט אַהין און צוריק —

איבער הערצל, באָראָכאָוו און מעדעם
פאַרוואַרפן געוואָלט אַ בריק.
מ'האָט אויף „סכאָדקעס“ דיסקוטירט
וועגן „ציוניזם“ און „בונד“
„אין געזאַלצענעם ים“ געזונגען,
וואָס איז טיף און ברייט אָן אַ גרונט.
כ'האָב אַ נייע וועלט דערזען —
אַ וועלט פון פרייד און לייד:
מענטשן, וואָס האָבן אידעאַלן
אין וואַרעמע הערצער געטראָגן,
אין פינסטערע טורמעס געזעסן,
פון שפּיקעס געקראָגן געשלאָגן.
מענטשן מיט הויכע פאַרלאַנגען,
מיט נביאיש, משיח'שן שטרעבן —
כ'וואָלט זייערע נעמען געשריבן,
ווייס איך נישט אויב זיי לעבן...
מרדכי, צפּורה, חיים יאַנקל,
אברהם־וועלוול, שלמה און שמאי —
עס ליגט דער טעם נאָך אין מויל
פון אַן אַמאָליקער חברישער ליאַמע.
ווער — געשוואָלן פון געטאָ־הונגער,
איז געלעגן אין אייגענעם בעט,
ווער ס'איז אויסגעגאַנגען
איינזאַם, אין אַ דייטשן קאַצעט.
ווער פון קירגיזיע און אַ „סטאַן“,
פון קאַמאַ, אוזבעק און סיביר,
איז מיט קדחת געקומען צוריק,
און פיבערט מיט געלן קאָליר.
ווער פון גרוזיע, קאַווקאַז,
פון דער ווייטער שטאָט טאַשקענט —
האָט צו נאָענטע אין לאָדזשער־געטאָ
אויסגעצויגן פאַרחלשטע הענט.
ווער אין דער רויטער אַרמיי איז
געפאַלן אין העלדישער שלאַכט,
ווער אין פּאַרטיזאַנקע געקעמפט האָט
מיט דייטשער פאַרשאָלטענער מאַכט...

# סטריקיוו

ס'ליגט דאָס שטעטעלע סטריקיוו
אויפן וואַרשעווער וועג,
כ'האָב מיין יוגנט פאַרבּרענגט —
דאָרט, אין גליקלעכע טעג;
אין פרייטיק צונאַכטסן
האָבּן חסידים פון סטריקיווער —
רבין, רקידות אין מאַרק געטאַנצט,
מיט תורה פון רבין ר'וואלף
האָבּן ר'פישעלעס חסידים
חסידות בּיי יידן געפלאַנצט;
האָט סאמען־דע־ליאן
אַטלאַס סאַמעט און זייד
אין סטריקיוו דערמאָנט מיך
אין אַמאָליקער חסידישער פרייד.

— — — — — — — — — — — —

אין שבועותדיקע ליכטיקע טעג
האָבּן ווייסע אַקאַציעס
אונטער הימלען בּלויע געבּליט;
אין ד, „גליניאַנקעס"
אויפן ניעסילקאווער־וועג
האָבּן זשאבּעס אין פארנאַכטן
מיט בּענקשאַפט אין כאָרן געשפּילט;
און אַ מיידל שוואַרץ־אויגיק
מיין האַרץ האָט געפאַנגען,

און אַ פליגל פון דער שכינה
כביכול מיין מוזע האָט צעפלאַטערט
מיט ליבע לידער געזאַנגען.
די לידער וואָס כהאָב געשריבן
ווען איר זאָלט הערן,
זיינען נישט ווי היינט
אַ דורכגעווייקט פון טרערן;
כ׳בין נישט קיין בעל־בכי
איך האָב קיינמאָל געקלאָגט,
הערט ווי אַזוי כ׳האָב שירה געזאָגט:

— — — — — — — — — — — —

רויטע רויזן ברענג מיר ליבסטע,
אַ נאַכט וועט זיין פון ווילד באַגערן,
האַרץ צו האַרץ, ליפּ צו ליפּ,
ס׳וועט ביז טאָג רעגענען מיט שטערן.
רויטע רויזן ברענג מיר ליבסטע,
רויטע זינד זאָל העל אויפלאַמען,
פון שטאַרקן ווייַן מיט האַסט באַטרונקן —
זינקן וועלן מיר צוזאַמען.

— — — — — — — — — — — —

ס׳שוימט דער רויטוויין אין באָקאַלן,
אויפציען זאָל מען יום־טוב פענער
מיין קאָפּ באַקראַנצט מיט וויינטרויב־בלעטער
ווי עס פלעגן טאָן די העלענער;
באַקכוס וועט די הענט צעשפּרייטן
איבער וויין צעשטראַלטע מענטשן,
ער אַליין מיט וויין באַטרונקן
מיט פרייד און גליק וועט אונדז בענטשן.

— — — — — — — — — — — —

כ׳האָב געזונגען פון ראָזע באַגינס,
פון מאָרגנשטערנס ליכטיקע שטרייפן,
היינט שרייב איך פון העלדזער —
דערוואָרגן פון תליה שטרייפן.
כ׳האָב געזונגען פון זאַפּטיקע לאָנקעס
פאַרוויגט אין קריסטאָלענע טויען,

פֿון זילבערנע טייכן וואָס וויגן זיך
אין הימל־בעט בלויען
כּהאָב מיך געשפּילט
מיט רויטע שקיעה פֿלאַמען,
איך האָב בליצן געשמידט
מיט מלאכים צוזאַמען;
היינט קאָן איך נישט
וועלטן נייע באַשאַפֿן
מיט זיידענע הימלען פֿאַרצויגן,
היינט וויינען ליקוי־חמה׳ס
און קברים ציען פֿאַר די אויגן.

— — — — — — — — — — — — — —

פֿאַרביי יאַבלאָנסקיס פּאַלאַץ
אויף גלאָוונער־וועג
איז מען שפּאַצירן געגאַנגען,
און ס׳האָבן צייטיקע תּבואה־פעלד׳ער
באַגריסט אונדז, מיט —
פֿאַליענדיקע גאָלדענע זאַנגען;
שבתים און יום־טובים האָט מען
אין די דערפֿער סמאָליעץ, טימיאַנקע
ביי פּויערש־ברויט מיט סמעטענע
געמאַכט די אמתע הוליאַנקע;
מען האָט קאָרן־בלימלעך געריסן
פֿון דער תּבואה אויף קרענץ,
און מיט שיקסעס אַרויס
אויפֿן „גאַשטשיניעץ" מיט טענץ;
האָבן די מיידלעך און כּלות
אַראָפּגעלאָזט די נעז,
און עסן נישט געוואָלט
פּויערשע סמעטענע מיט קעז;
האָט מען מיט אַ טשאַק און אַ קוש
זיי צום סוף איבערגעבעטן,
מען איז חבר געוואָרן
און פֿאַרביסן מיט אַ „סטאָנעק" אַ פּעטן;
אַ „סטאָנעק" פֿון יאַגדעס מיט צוקער,

אַזאַ יאָר אויף אונדזביידן,
עס מעגן צדיקים זיך ווינטשן
„סטאָגעקעס" צו עסן אין גן־עדן.
איז מען אַ היים מיט קרענץ
געפלאָכטן פון „בלאוואטקעס",
און ס׳האָבן פויערים געקוקט
אַרויס בייז פון די כאַטקעס,
ווייל מען האָט זייערע פעלדער
פון קאָרן און תבואה צעטרעטן,
נאָר גוים שכנים היימישע
האָבן זיך גיך איבערגעבעטן.
— — — — — — — — — —
עס רוט נאָך אויף מיר די שלוה
פון סטריקיווער זאַפטיקע לאָנקעס
אין שטילן פריען באַגינען,
די טראָפּעלעך טוי פון די גרעזער,
וואָס זיינען אויפן לייב מיינס
ווי קריסטאָלענע טרערן צערינען.
ווען איך האָב מיך געקייקלט
אין טויאיקע גראָזן ביים טייכל,
און ס׳האָט די זון זיך געשפּיגלט
ביים סטאָק אין גאָלדענעם זאמד,
און געלאַכט האָט דאָס וואַסער
מיט נאַיוו־קינדערישן שמייכל;
דאָס טייכל געוועזן איז
פון אָלטשינעביימלעך באַברעמט,
ווי עס וואָלט זיך נאַקעט
צו ווייזן, פאַר מענטשן געשעמט;
געשמעקט האָבן „מאַטשעיקעס". „פּיאַלון",
עס האָבן די ריחות פאַריסן
עס האָבן קאָמאַרעס דאָס לייב,
„זאווזשיענטע" ביז בלוט געביסן;
ס׳האָבן די מיידלעך נישט איינמאָל ביים —
באָדן פאַר בושה געפלאַקערט
ווייל ס׳האָבן חברה דאמאָלט

זיך געבאָדן נאָך נאַקעט;
זיינען זיי נעביך אַנטלאָפן
מיט אַ קוויטש און געשריי,
און די יאַטן אין געיעג
זיינען געשווומען נאָך זיי...
דאָס טייכל האָט זיך געדרייט
ווי אַ בויגיקער שלאַנג,
האָט דאָס וואַסער געזונגען
מיט אַ ווונדערלעך געזאַנג;
האָב איך אַ גרויסשטאָטעשער
דאָס זינגען געהערט,
האָבן די אויגן פאַר פרייד
ביים נאַרישן בחור געטרערט;
האָב איך זיך געוואָרפן
און אומגעאַרעמט די ערד,
צי האָב איך בנבואה געזען,
אַז אין שטעטל סטריקיוו
איז גליק מיר באַשערט?

— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

זיינען יינגען מיט מיידן
אַרום „קאשטשאל” שפּאַצירן געגאַנגען,
ביז מ׳האָט טעלער געבראָכן
און מיט מזל געשטעלט,
פיר חופה שטאַנגען.
האָט „כאמל ראַססע” אַ באַדעקנס
אויפן פידל געשפּילט,
האָט די כלה דאָס פּנים
אין דער וואַלקע פאַרהילט;
ווייל ווער האָט געקענט דען
אַקעגן זיין שפּילן זיך ווערן,
און נישט פאַרפלעקן דאָס קלייד,
דאָס ווייסע מיט טרערן?
און „מאָקע” האָט געצויגן
די סטרונעס פון באַס,

אַז ס'זיינען די קצבים־יינגען
פון טאַנצן געוואָרן נאַס.
און לייבעלע „האָפּן"
איז געשטאַנען אין דער טיר
מיט די אויגן געבעטן
כאָטש אַ גלעזעלע ביר
און, אַז ס'האָט זיך
אין אַ מאַרק־טאָג
מיט גוים אַ געשלעג געמאַכט,
איז הערצקע גראַשיצע אַרויס
מיט אַ דישל פון א וואָגן,
און הערשל ציפּרעס'ס בנים
מיט אָרטשיקעס און פּרענטן
האָבן די שקצים געשלאָגן.
— — — — — — — — — — — —
איך מיט מיין מיידל
די קאשע־מאַכערינס טאָכטער,
האָבן אין גלחס אַלעע —
פון אַקאַציען שפּאַצירט,
און ווי יעקב מיט רחלן
זיבן יאָר זיך אַרומגעפירט,
איך האָב אויף איר אין פאַרנאַכטן —
זומערדיקע, מיט ציטער געוואַרט,
אין שאָטן פון דער אַלעע
מיט בענקשאַפט זיך געשאַרט.
זי איז ווייסן ווי אַ מלאך
אין סאַמעט־אָוונט איז געקומען,
געצירט און געדופט פון בלומען.
איך האָב אירע איידעלע הענט
מיט יראת הרוממות גענומען,
און בין אין פאַנטאַסטישע וועלטן
אין דמיון מיט איר געשווומען.
איך האָב אין איר געזען די ספירות
פון תפארת בנצח און נצח בהוד,
כ'האָב פון די עלמי־אילעין
אויסגעריסן דעם אייביקן סוד,

איך בין אַליין געווען אַ גאָט
און אַנטפּלעקט דעם סוד פון יצירה.
כ׳האָב געזען דעם ניצוץ פון ליבע
מיט אספּקלריא המאירה,
און איך האָב געשריבן:
כ׳בין פון וואָלקן הויכע
שפּיץ־בערגן סקאַלע,
מיט אָדלער פליי געקומען:
צו מיין באַשערטער כלה.
עס גלעטן דיינע אויגן
באַנגלעך טרויעריק זיס,
און כהאָב מיין יוגנט־טרוים
געלייגט צו דיינע פיס;
מיט שטילן טויבן פליסטער
האָסטו מיך צו׳דיר געצויגן,
און כ׳האָב מיין קאָפּ צעווינטיקט
פאַר שלוה דיין געבויגן.
ס׳האָט דיין שטילער חן
מיך זאנפט באַרירט,
און ווי אַ קעסטלעך צירונג
מיין האַלדז האָסטו באַצירט.
— — — — — — — — — —
דער סוף איז געווען
ווי אויבן איז געשריבן,
מיט חופה שטאַנגען פיר האָבן זיך
געענדיקט די יאָרן זיבן.
אין שטעטעלע סטריקיוו
ווו יידן האָבן פירהונדערט יאָר,
געגאַרבט קאַלב־פעל,
געוואַשן שעפסן־וואָל,
און געהאַנדעלט מיט אויערן —
האָט מיין ווייבל, אַ יאַטל —
מיט שוואַרצע אויגן געבוירן.
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

עס האָט סטריקיװ נישט געהאַט
קײן בערג און קײן טאַלן,
נאָר אַ שפּראָצלינג פון רבינס הױף
איז דאָרט געזעסן און געמאָלן.
ער האָט געמאָלן די הײזלעך
װי שעפּסן צוזאַמען געטוליעט,
די בױמער קרום צעקאָשמעט,
װען דער װינט האָט געהוליעט;
דאָס טײכל הינטערן שטעטל
מיט טשאָלענט־טעפּ פאַרװאָרפן.
און אַ גרױס־שטאָטישן גאַסט
אױף אַ נאָװינע אין גאָלפן;
און אַ צװײַגל גרין זאַפּטיק
אױף יענער זײט ים
איז אין אַמעריקע געזעסן
אַן אײניקל פון סטריקיװער שטאַם;
אַ דיכטער, אַ צאַרטער האָט ער מיט געפיל
ייִדישע װערטער װי פּערל געקליבן,
װי זײַן עלטער זײדע — דער רבי —
ר׳װאָלף חסידישע תורה,
האָט ער ייִדישע לידער געשריבן,
זישע לאַנדױ דער דיכטער
אין נױ־יאָרק געשטאָרבן אַ מידער.
כ׳האָב אין די „שריפטן"
אַנומלט געלײענט זײַנע לידער,
כדי די איבערגעריסענע קײט
איבער אַ ניס צו שמידן,
שרײַב איך
לידער װעגן סטריקיװער ייִדן.
איך האָב נאָך צו שרײַבן
פון דער בלינדער לאה מיטן אוצר
און בני שמעון־בערל,
פון חנה אסתר די בעקערין
און פון דער קרום־לאָמער סערל.
עס פעלט נישט צו שרײַבן

פון לצים, צונעמען־גנבער, פון
גנבים און שפּילער אין שאָך,
עס איז אַ מצוה צו פאַרשרייבן
די קלענסטע פּאַסירונג
פון אַ יידיש שטעטל
נאָך אונדזער גרויסן בראָך.
איך וועל מיך אַמאָל
צום שטעטל, אויפן פּאַפּיר
צוריק זיך אומקערן,
פון יענע צייטן פאַרגאַנגענע
ווערן די אויגן פול טרערן.
עס זיינען, נאָך חורבן סטריקיוו
דריי יידן צוריקגעקומען
און אין שטעטל פאַרבליבן,
גאָר זיי האָבן זיך —
האָב איך נישט לאַנג געהערט —
פון דאָרט שוין אַרויסגעקליבן.

בערגן־בעלזן
1947

# האַרבסט

דער קליאָן פאַר מיין פענצטער
ציטערט אין לעצטע קרעמפן
און שרעקט זיך פאַרן טויט.
אַ גאַנצע נאַכט האָט געוואָיעט
אַ שטורעם.
די בערג אויף דער אַנדער
זייט טייך
אַנטפלעקן זיך
אין גרעלן שקיעה־דעמער
און דעקן זיך מיט טיפן גראַנאַט.
די בייערישע אַלפּן
ווינקען צו מיר
שוין וואָכן לאַנג,
נור איך
דאָס קינד פון פליינען
פאַרשטיי נישט
זייער סודותדיקע שפּראַך.
לאָדזש —
האָט גערעדט צו מיר,
מיט רויך שפייענדיקע קוימענס
די יידישע שטעטלעך מיט עלענד,
פוילן מיט שנאָה,
מיין האַרץ, מיט בענקשאַפט.
יעצט לערן איך
די באַרג־שפּראַך,
ווי אַ קינד עברי־טראַף.

פעלדאַפינג, עליז־שפּיטאַל
1946

# ווי ביסטו?!

איך בין פריי!
און עס זינגט דער פּאָעט
זיין פרילינגס־ליד:
„די קאַרשן ביימער בליען,
און פרילינג איז אויף דער וועלט.
פרילינג! וואָס פאַראַ באַפליגלט וואָרט!
ווען די מלאכים זינגען שירה
זאָגן זיי: „פרילינג, פרילינג ד׳ צבאות".
און עס איז געוועזן אַ פּאַר־פרילינג;
דאָס בלוט האָט אין מיינע אָדערן געזונגען
און איך — האָב געזונגען שיר השירים.
ווייל מירטן־אייל האָט ווייך געמאַכט
דאָס זאַוויאַסע־געזאַנג פון דער טיר —
וואָס האָט געפירט צו דיר.
און די קאַרשן־ביימער האָבן געבליט
מיט ווייסן מאַנדל־ריח צווייט
און ווען דער לעצטער עפּל־בוים
איז געשטאַנען אין זיין פּראַכט,
מיט ראָזע קנאָספּן באַשיט,
בין איך פאַרשכורט געווען
פון דיין ליבע;
און ווען צייטיקע קערנער
האָבן זיך געשיט,

פון ווייגנדיקע זאַנגען
אויף זון־אָנגעטרונקענע פעלדער
און געוואַרט אויפן שניטער...
האָב איך דיר באַגערט.
וווּ ביסטו!?

בערגן־בעלזן
1945

# אינהאַלט

## פאַרוואָלקנטע טעג

## פאַרשפיגענע בדונעמס



## גאָלדענע צוימן

# באַמערקטע פעלערן

| | זייט/שורה | איז | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| פאַרוואָלקנטע טעג | 24/6 | הכם | חכם |
| | 16/8 | קלינגן | קלינגען |
| | 5/12 | איף | אויף |
| | 18/18 | טריט | טויט |
| | 20/19 | דערטרונקן | דערטרינקן |
| | 17/24 | כלח | כלה |
| | 3/44 | לאָדשער | לאָדזשער |
| | 12/44 | הכנעח | הכנעה |
| | 7/45 | איינעזאַפּט | איינגעזאַפּט |
| | 12/49 | טאידאנעק | מאַידאנעק |
| | 12/51 | די | דו |
| | /53 | 1944 | 1946 |
| | 1/54 | דאָט | דאָס |
| | 8/56 | ביסמ | ביסט |
| | 20/57 | זיר | זיך |
| | 18/63 | טענשן | מענטשן |
| | 5/66 | חענט | הענט |
| | 24/72 | גון | נון |
| | 7/73 | געזוגגען | געזונגען |
| | /74 | 1945 | 1943 |
| | 12/78 | ס'יאָמעדן | ס'יאָמערן |
| | 1 79 | קיינסאָל | קיינמאַל |
| | 17/82 | לימל | היטל |
| | 8/86 | פאַרברערט | פאַרברענט |
| | 12/86 | תחומות | תהומות |
| | | טיפטע | טיפסטע |
| | 94/קעפל | נשיט | גישט |
| | 2/94 | געשריעבענע | געשריבענע |
| | 22/94 | רערוואָגענעם | דערוואָרגענעם |
| | 10/96 | היטל | הימל |
| | 18/97 | פין | פון |
| | 4/103 | פאַרסאַכן | פאַרמאַכן |
| | /112 | 1945 | 1944 |
| | 20/114 | אזן | און |
| | | עלסטע | עלטסטע |
| | 11/118 | וועלוויפישע | וועלפישע |
| | 9/121 | שוואַרן | שוואַרצן |
| פאַרשפּיגענע ברונעמס | 19/14 | בשמוט | בשמים |
| | 35/14 | אל | אַלם |
| | 14/19 | שוועטער | שוועסטער |
| גאָלדענע צויטן | 6/7 | זי | זיי |

דאָס בוך איז דערשינען ביי דער מיטהילף פון:

„פועלי ציון“ (לינקע) בעלזן

„דזשוינט“ ״

צענטראל־קאָמיטעט פון די באַפרייטע יידן

אין דער בריטישער זאָנע.